גרשון סאַפּאָזשניקאָוו

18/VIII-50

# שמועסן מיט עלטערן




3־טע אויפלאגע

8

בוענאָס איירעס

# אינהאַלט:




# פון די הקדמות צום בוך

## 1 — פון ועד החנוך בא דער קהלה פון בוענאס איירעס

דער ועד החנוך, וואס דערפילט די אויפגאבע פון א צענטראלן ביל־דונגס־ראט בא דער בוענאס־איירעסער קהלה, האט נאכן באקענען זיך מיט ג. סאפאזשניקאווס „שמועסן מיט עלטערן" באשלאסן צו סטימולירן די אויסגאבע פון דעם בוך און רעקאמענדירן זיין פארשפרייטונג.

ווי א פעדאגאג, וואס האט געלערנט צו פארשטיין די נשמה פון קינד און ווי א שרייבער, וואס פארמאגט א קלארע און לעבעדיקע שפראך, אנ־געזאפט מיט פאלקסטימלעכן הומאר, באהאנדלט ג. סאפאזשניקאוו אין זיינע „שמועסן" וויכטיקע פראבלעמען פון קינדער־דערציאונג און זיין ווערק באטראכטן מיר דעריבער ווי א נויטיק האנטבוך פאר אידישע על־טערן, וואס פארבינדט זיי נעענטער מיט דער אידישער שול און העלפט זיי בעסער צו פארשטיין און בעסער צו דערציען זייערע אייגענע קינדער.

אויב „די אמתע דערציאונג הויבט זיך אן מיט דער דערציאונג פון די עלטערן" — ווי דער מחבר גיט אן פאר אן אנגענומענעם כלל אין דער מאדערנער פעדאגאגיק — איז דאס דאזיקע בוך א ווערטפולער בייטראג אף דעם געביט פון דערציען די אידישע עלטערן און זיי אויפקלערן זייערע פליכטן לגבי די קינדער. אונזערע שול־טוער, די לערער און די אלע, וואס האבן א שייכות צום אידישן חנוך, דארפן דעריבער זיך באקאנען מיטן אינהאלט פון דעם דאזיקן בוך און אים פארשפרייטן צווישן די אידישע עלטערן.

**אברהם טורניאנסקי**
פרעזידענט פון ועד־החנוך.




## 2 — פון י. באַטאַשאַנסקים פאָרוואָרט צו דער ערשטער אויפלאַגע.

ביכער בכלל נייטיקן זיך נישט אין קיין הקדמה׳ס, זיי ריידן אַליין פאַר זיך: צום גוטן, צום שלעכטן, אָדער צו ביידע. אָבער אַ בוך אַן אָנהויב, אַ בוך, וואָס איז אַן ערשטס אין זיין מין, נייטיקט זיך יאָ אין אַ רעקאָמענדאַציע. און דאָס דאָזיקע בוך, וואָס די לייענער וועלן געפינען צווישן אַט די טאָוולען, איז אַן ערשטלינג. מיר האָבן שוין אין אונזער ביסל אידישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע אַ סך ביכער פאַר קינדער; אָבער אַ בוך וועגן קינדער פאַר די עלטערן דערשיינט איצטער בּאַ אונז צום ערשטן מאָל. חבר ג. סאַפּאָזשניקאָוו האָט דאָס מזל צו זיין דער ערשטער אויף דעם דאָזיקן געביט.

מיר האָבן איניקע שרייבער, וואָס זיינען אויך לערער און מיר האָבן אַ גאַנץ היבשע צאָל לערער, וואָס זיינען אויך שרייבער. ווער פון די שרייבער עס מוז צוקנעלן צוליב פּרנסה און ווער פון די לערער עס שרייבט, ווייל עס רופט אים, אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אָנצושרייבן און אַרויסגעבן אַ בוך וועגן די קינדער פאַר די עלטערן. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו טיילן מיט די עלטערן זיינע ידיעות אין דער פּעדאַגאָגיק און זיי דערציילן קלאָר און פּשוט דאָס אַלץ, וואָס זיי דאַרפן וויסן. חבר ג. סאַפּאָזשניקאָוו, וואָס איז אויך אי שרייבער, אי לערער, האָט געטון זייער אַ נוצלעכע אַרבעט, פאַר וועלכער ער איז ווערט באַגריסט צו ווערן.

עס איז כדאי צו דערציילן די געשיכטע פון אַט דעם בוך, וואָס ליגט פון היינט אָן און ווייטער אָפן פאַר די עלטערן. דער מחבר איז גע־

ווען אַנפירער פון דער קינדער־זייט אין איינער פון אונזערע היגע טעגלע־
כע אידישע צייטונגען און ער האָט אַף זיין „זייט“ איינגעפירט אַ רוב־
ריק, וואָס האָט געהייסן „שמועסן מיט די עלטערן“. ער האָט ווי אַ חבר
און אַ פריינט און אַ לערער אַ רייד געטון מיט די עלטערן וועגן דעם,
וואָס ס׳איז גוט פאַר זייערע קינדער און וואָס — ניט גוט. ער האָט זיי
אויפגעקלערט וועגן די קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר צווישן די עלטערן
און קינדער (און קאָנפליקטן קומען פאָר אפילו צווישן אייניאָריקע קינדער
און זייערע עלטערן) און זיי קלאָר געמאַכט, ווען די גרויסע זיינען גע־
רעכט און ווען עס זיינען גערעכט די קינדער. און די רובריק האָט גע־
האַט אַן אָפּקלאַנג — עלטערן האָבן זיך פאַרינטערעסירט, געשריבן בריוו
צום מחבר, אָדער אַמאָל גאָר געפרעגט עצות. עס איז דאָ כדאי צו באַ־
מערקן, אַז ג. סאַפּאָזשניקאָוו קען זיין אַ לערער אויך פאַר עלטערן. ניט
נאָר וואָס ער האָט זיי וואָס צו לערנען, נאָר ער קען זיי אויך לערנען:
ער האָט אַ קלאָרע שפּראַך, ער קען גיבן צו פאַרשטיין אַן ענין און אים
מסביר זיין אַזוי, אַז ער זאָל זיין קלאָר פאַר אַלעמען. זיינע רייד זיינען
נישט געווען קיין סודות פאַר די לייענער און באַהאַנדלט האָבן זיי פראַגן,
וואָס זיינען נוגע די עלטערן אין סאַמע לעבן אריין — האָט ער זיי פאַרינ־
טערעסירט. און נאָך אַ היפּשער צייט האָט זיך דער מחבר חשבון געגיבן,
אַז ער האָט אין זיינע שמועסן באַרירט כמעט אַלע פּראָבלעמען, וואָס
אינטערעסירן בלויז די טאַטעס און די מאַמעס, און אַז ער האָט פאַר זיך
אַ גאַנצע אַרבעט. ער האָט באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון קינד אין שטוב,
אין שול, אַף די עקזאַמענעס, אין גאַס און אַ גאַנץ יאָר; ער האָט באַ־
האַנדלט די פראַגן וועגן כאַראַקטער, סביבה און ירושה. פאַקטיש זיינען
די שמועסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַנטבוך פאַר עלטערן. און ער
האָט זיין אַרבעט רעווידירט, קאָאָרדינירט און מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט
איבעררעדאַקטירט, און ער קומט איצטער מיט אַ גאַנצער אַרבעט.

און מען מוז מודה זיין, אַז חבר ג. סאַפּאָזשניקאָוו קומט מיט זיין
בוך צו דער ריכטיקער צייט. ס׳איז איצטער אַ מאָמענט פון קריזיס אין
דעם קליינעם ביסל דערציאונגס־אַנשטאַלטן וואָס מיר פאַרמאָגן. די
וועלטלעכע אידישע שולן לעבן איבער אַ גייסטיקן קריזיס צוליב דעם,
וואָס עס פעלט זיי אויס **אידישער אינהאַלט**; אין די
רעליגיעזע שולן, וואָה רופן זיך בא אונז תלמוד־תורהס, פילט מען אַ

קריזיס צוליב דער סתירה צווישן דער סביבה און די לימודים. די וועלט־לעכע שולן זוכן יום-טובים, די רעליגיעזע שולן זוכן מיטלען ווי צו אימ־פּאָנירן די יום־טובים. דער מחבר פון דעם בוך, וואָס מיר רעקאָמענדירן, רירט זיך טאַקע ניט צו דירעקט צו די אָנגעוויזענע ענינים, ער מיידט בכלל אוים ענינים, וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו אידעאָלאָגיע; ער איז דורכוים נאַציאָנאַלער איד און ער רעקאָמענדירט די עלטערן דירעקט ניט צו פאַרלייקענען דעם אייגענעם אָפּשטאַם, אָבער ער טוט דאָס דאָזיקע ניט ווי אַ פּרעדיקער, נאָר ווי אַ פּעדאַגאָג. און אויך לערער געפינען דאָ אַ סך מאַטעריאַל, וואָס קען זיין פאַר זיי וויכטיק און קען זיי צונוץ קומען אין די שמועסן און דיסקוסיעס, וואָס זיי האָבן מיט די עלטערן, און אפשר אויך מיט די שול־פאַרוואַלטונגען. און כאָטש דאָס בוך באַשטייט פון שמועסן מיט די עלטערן, קען עס אין אַ גרויסער מאָס זיין אַ וויכטיק בוך אויך פאַר די לערער.

ווען איך וויל רעזומירן דעם ווערט פון ח׳ ג. סאָפּאָזשניקאָווס בוך, געפין איך די פשוטסטע ווערטער דערפאַר: דאָס בוך האָט קאָנקרעטע און נוצלעכע אָנווייזונגען פאַר די עלטערן און צווינגט זיי זיך צו פאַרטראַכטן וועגן אומצייליקע פּראָבלעמען, וועגן גייסטיקע ענינים פון מענטשלעכער און אידישער דערציאונג.

איך וואָלט נאָך געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן דעם בוך, וואָס איך האָב דאָס פאַרגעניגן צו רעקאָמענדירן, אָבער איך וויל ניט מאריך זיין, ווייל ס׳איז פאַראַן אַ כלל, אַז ווען די הקדמה איז צו גרוים, לייענט מען ניט אָדער די הקדמה, אָדער דאָס בוך און איך וויל, אַז מען זאָל לייענען ביידע. און איך וויל איבערהויפּט רעקאָמענ־דירן, אַז דאָס בוך זאָל מען לייענען מיט דער געהעריקער אויפ־מערקזאַמקייט.

יעקב באַטאָשאַנסקי.

אָקטובער 1941.

# 3 — פון דער הקדמה צו דער
# צווייטער אויפלאגע

אין געצײילטע חדשים זיינען פארקויפט געוואָרן טויזנט עקזעמפלארן פון דער ערשטער אויפלאגע. אין אונזער יונגן און פארהעלטניסמעסיק קליינעם אידישן ישוב איז דאָס א גרויסע דערגרייכונג, וועלכע איך האָב אין א באדייטנדיקער מאָס צו פארדאנקען פיל פריינט, שול־טוער און לערער, וועלכע האָבן אף זיך גענומען די מיסיע צו פארשפרייטן דאָס בוך מיטן באוואוסטזיין, אז זיי דערפילן דערמיט א געזעלשאפטלעך־נייטיקע און נוצלעכע אויפגאבע.

די פריינטלעכע אָפרופן אין דער אידישער פרעסע און די אלגעמיין־געזעלשאפטלעכע ווארעמקייט מיט וועלכע עס איז אויפגענומען געוואָרן דאָס בוך, האָט מיר צוגעגעבן מוט ארויסצוגעבן די צווייטע אויפלאגע מיט דער האָפענונג, אז נאָך אין פיל אידישע היימען וועט דאָס בוך דערפילן די שליחות פון א גוטן־פריינט, וואָס וועט אריינברענגען מער פארשטענדעניש און באוואוסטזיין אין דער באציאונג צווישן די עלטערן און קינדער, און דעריבער אויך מער פרייד און גליק אין שטוב.

מערץ 1942.

דער מחבר.

## 4 — צו דער דריטער אויפלאַגע

עס זיינען פאַרביי קאַרגע פיר יאָר זייט עס איז דער־שינען די צווייטע אויפלאַגע. פאַר דער צייט איז אַרויס אַ שפּאַנישע איבערזעצונג פון דעם בוך, און די דריטע אויפ־לאַגע דערשיינט אין ערשטן פרידנס־יאָר נאָכן בלוטיקן קריג, וואָס האָט אַף אַזאַ אומברחמנותדיקן אופן חרוב געמאַכט דאָס אידישע לעבן אין דער אַלטער וועלט... מער אויפמערק־זאַמקייט ווי שטענדיק דאַרף דעריבער היינט געשענקט ווערן דער דערציאונג פון אידישן קינד, און דער עיקר: **דער אידישער דערציאונג פון די עלטערן** און פון דער גאַנצער היימישער סביבה, וואָס פאַרמירט די פּערזענלעכקייט פון אידישן קינד.

מיין אויפגאַבע וועט זיין דערפילט ווען דאָס בוך וועט אָנרעגן אַזוי' צו פאַרשטיין דעם ענין פון דער אידישער דער־ציאונג.

יאַנואַר 1946.

# דערציען קינדער דאַרף מען זיך לערנען

## אַנשטאָט אַן אַריינפיר

היילן קראַנקע אַן אַ דיפּלאָם, עס הייסט, אַן אַ געהעריקער וויסנ־שאַפטלעכער צוגרייטונג, איז, ווי באַוואוסט, שטרענג פאַרבאָטן. נאָר דיפּלאָמירטע דאָקטוירים זיינען לויטן געזעץ בארעכטיקט זיך צו פאַרנע־מען מיט דער מעדיצינישער פּראָפעסיע, און קיינער וועט נישט אויסזעצן קעגן אַזאַ געזעץ, וואָס פאַרהיט די קראַנקע מענטשן פון אומדערפאַרענע און אומבאַרופענע רופאים, עם־הארצים און סתם שאַרלאַטאַנעס.

און נישט נאָר אַ דאָקטער מוז דורכמאַכן אַ לאַנגיאָריקן שטודיום, אפילו אַ שניידער מוז לאַנג לערנען זיין פאַך, און דאָס זעלבע אויך אַלע אַנדערע בעלי־מלאכות.

נאָר די קינדער־דערציאונג, וואָס פאָדערט אויך וויסן און דערפאַרונג, ווערט אויסגעפירט, דאָס רוב, אָן דער מינדעסטער פאָרבאַרייטונג און אָן קענטעניש פון דעם קינדס נאַטור. און דערצווישן ווערן די קינדער מער אין שטוב ווי אין שול. די שול איז אין אונזער צייט מער אַ בילדונגס־אַנ־שטאַלט, וואָס לערנט פאַרשיידענע וויסנשאַפטן, און דער כאַראַקטער פון די קינדער, זייער גאַנצע פּערזענלעכקייט, ווערט אויסגעבילדעט אין שטוב, וואו די קינדער פאַרברענגען דעם גרעסטן טייל פון זייער צייט און וואו די הויפּט־דערציער זיינען: דער טאַטע, די מאַמע און די גאַנצע משפחה.

פונדעסטוועגן, האָט מען נאָך, חלילה, קיין איין טאַטן און קיין איין מאַמען געזעצלעך ניט באַשטראָפט פאַר דערציען זייערע קינדער אָן אַ גע־העריקער צוגרייטונג, באַטש אַ שלעכטע דערציאונג, קאָן אָפט אָנמאַכן נישט ווייניקער שאָדן דעם קינד, ווי אַן אומבאַרופענער רופא דעם קראַנקן.

אָבער קעגן דער דאָזיקער „געזעצלאָזיקייט" אָף דעם געביט וועט אויך קיינער ניט אויסזעצן, ווייל די עלטערן האָבן אַ „דיפּלאָם" פון גאָט אַליין, די נאַטור האָט זיי געגעבן אַלע רעכט און אויך אַ סך מעגלעכ־קייטן צו דערציען זייערע קינדער. די נאַטור האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט

א זעלטן ווירקונגספולן און הייליקן מיטל — מיט דער עלטערן־ליבע — וואָס אינספּירירט און ריכטעט אַלע זייערע מעשים לגבי די קינדער.

אָבער די עלטערן־ליבע איז נאָך נישט גענוג. דאָס מאָדערנע לעבן איז שטאַרק קאָמפּליצירט און אַף אויסצובילדן א דור, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן די דערגרייכונגען און דעם גייסט פון דער צייט, איז נייטיק די ליבע פאַרבינדן מיט וויסן, — ווייל נאָר דאָרט, וואו די דאַזיקע צוויי עלעמענטן גייען האַנט־בא־האַנט, קען די דערציִאונג זיין שעפעריש און פרוכטבאַר לטובת די קינדער.

די דאַזיקע „שמועסן מיט די עלטערן" זיינען אויסן צו באַרייכערן און באַוואָפענען די עלטערן־ליבע מיט א ברייטערער דערפאַרונג און וויסן אין די פראַגן פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע און קינדער־דערציאונג.

ווי א דערציער, וואָס האָט שטענדיק מיט גרויס ליבשאַפט נאָכגעפאָרשט דאָס לעבן פון אידישן קינד, און געפּרואווט אריינבליקן און פאַרשטיין זיין לויטערע נשמה, וויל איך אַף א פרייעם און אינטימען אופן זיך דורכשמועסן מיט די אידישע עלטערן וועגן א געמיינזאַמען און טיף־האַרציקן ענין — וועגן אונזערע קינדער.

די „שמועסן" זיינען א רעזולטאַט פון דער דאַזיקער נאָכפאָרשונג און באָאָבאַכטונג פון אידישן קינד אין דער סביבה פון זיין היים, אין גאַס און אין שול, און באַהאַנדלען איבערהויפּט פּראַקטישע טאָג־טעגלעכע ענינים, טייל פון דער היגער אידיש־אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט, און דאָרט וואו איך בין זיך סומך אַף אויטאָריטעטן בין איך זיי פורש־בשם. עס איז היינט באַוואוסט דער פּעדאַגאָגישער כלל וואָס זאָגט, אַז די אמתע דערציאונג פון די קינדער דאַרף זיך אָנהויבן מיט דער זעלבסט־דערציאונג פון די עלטערן, און אין דער היסטאָרישער שעה וואָס איז אויסגעפאַלן אַף אונזער גורל, דאַרף די דערציאונג ווערן דער ערשטער געבאָט אין אונזער נאַציאָנאַלן לעבן, וואָס האָט זיין צוקונפט אין אידישן קינד.

ג. ס.

ערשטער טייל:

## דאָס קינד אין שטוב

# אַ מענטש איז געקומען אױף דער װעלט

מיט געװײן קומט דער מענטש אױף דער ליכטיקער װעלט און אין זײן ערשטן הילפסלאָזן רוף איז פאַרקערפּערט אַ פרײדיקער אָנזאָג: אַ מענטש איז געקומען אױף דער װעלט, אַ נײ לעבן איז געבױרן געװאָרן... און װי הילפסלאָז עס איז דער ערשטער געװײן אַזױ אומבאַהאָלפן איז דאָס מענטשלעכע קינד, װאָס מוז דורכמאַכן אַ בהדרגהדיקע לאַנגיאָריקע אַנטװיקלונג ביז עס „מענטשלט" זיך אױס, און װערט פיזיש און גײסטיק צוגעגרײט צו אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן.

װאָס נידעריקער ס'איז דער מין פון אַ באַשעפעניש, אַלץ קורצער איז דער פּעריאָד פון זײן קינדהײט, און װאָס װײניקער פיזישע און גײסטיקע אָרגאַנען עס פאַרמאָגט אַן אָרגאַניזם, אַלץ קלענער איז די צײט פון זײן װאוקס און אַנטװיקלונג.

דער מענטש איז נישט נאָר די העכסטע בריאה אױף דער װעלט, נאָר איז אױך די קאָמפּליצירטסטע באַשעפעניש אין איר פיזישן און גײסטיקן בױ. שטאַרק קאָמפּליצירט איז אױך דאָס מאָדערנע מענטשלעכע לעבן, װאָס פאָדערט אַ לאַנגיאָריקע צוגרײטונג פון קינד ביז עס װערט ראױ צו פאַרנעמען אַן אָרט אינעם לעבנס-קאַמף צום נוצן פון זיך און פון דער געזעלשאַפט.

די לאַנגע מענטשלעכע קינדהײט לײגט אַרױף גרױסע פליכטן אױף די עלטערן, אָבער גיט אױך גלײכצײטיק ברײטע מעגלעכקײטן פאַר אַ בהדרגהדיקער אױסבילדונג, פאַרפולקאָמונג און צוגרײטונג פונעם יונגן דור צו אַ זעלבסטשטענדיקן און שעפערישן לעבן. די פליכטן און זאָרגן פון די עלטערן װאַקסן צוזאַמען מיט דעם

וואוקס פון די קינדער, ווי עס זאָגט אַ אידיש שפּריכוואָרט: „קליי־
נע קינדער לאָזן נים שלאָפן, אָבער גרויסע לאָזן נים לעבן״.

וואויל איז צו די עלטערן פאַר וועלכע דאָס קלינגט ווי אַ גוזמא.

אָבער ווי שווער קינדער זאָלן זיך נישט האָדעווען, איז דאָך
אומגעהייער גרויס די פרייד וואָס זיי פאַרשאַפן, און איין ליכטי־
קער שמייכל פון גליק, איין טראָפּן פרייד, ווישט אָפּ אין גאַנצן
און זכרון פון די עלטערן דעם צער־גדול־בנים, דעם פיין פון דער־
ציען קינדער.

אין ערשטן לעבנס־יאָר איז די פליכט פון די עלטערן
מער באַגרענעצט מיט זייער זאָרג פאַר די פיזיאָלאָגישע באַדערפע־
נישן פון קינד און אויב דאָס עופהלע איז זאַט, טרוקן און ריין,
וועט עס רואיק שלאָפן דורך די נעכט, און אין די קורצע שעהן פון
זיין טאָג, וועט עס שטיל זיך שפּילן מיט זיינע אייגענע הענטלעך
און פיסלעך. אויב אָבער די מאַמע וועט בּאַ יעדן געשריי פונעם
קינד עס כאַפּן אַף די הענט, וועט דאָס פיצל נישט וועלן רואיק
ליגן אין זיין בעט, וועט אומרואיק שלאָפן און אויך פאַרשטערן
דעם שלאָף פון זיין מוטער.

וואָס רואיקער און פרייער די מוטער וועט לאָזן דאָס קינד
אַליין, אַלץ גלייכער וועט זיין פאַר זיי ביידן. אינעם ערשטן לעבנס־
יאָר האָט דאָס קינד אַן „ארבעט״ זיך צו באַקענען מיט זיינע איי־
גענע גלידער און פריי לאָזן זיינע חושים, וואָס הייבן זיך ערשט
אָן אויספּיקן פון איי.

מען דאַרף דעריבער נישט צוימען דעם קינדס נאַטור, נישט
פענטען עס מיט קיין ווינדעלעך און קאָלדרעס און אויך נישט
טרייסלען, נישט שאָקלען און נישט וויגן. אַ געזונט קינד וועט אַליין
אויסשלאָפן זיין צייט און אַ קראַנק קינד וועט מען מיטן טרייסלען
נישט געזונט מאַכן. דאָס וויגן באַרוישט בלויז זיין מוח׳ל, און
אין די שעהן פון וואַך־זיין דאַרף דאָס קינד קענען קאָנצענטרירן
זיין אויפמערקזאַמקייט אַף די ארומיקע קעגנשטאַנדן און מיט די
אייגלעך, הענטלעך און פיסלעך, און מיט אַלע חושים אויפנעמען
און זיך באַקענען מיט די דערשיינונגען פון דער ארומיקער סביבה.

# ער גייט אין אייערע וועגן...

לאנגזאם אנטוויקלט זיך דאָס נפשל און פון א „חיהלע" וואָס שלעפט אַלץ אין מויל אריין, פאַרוואַנדלט זיך עס אין אַ „מענטשע־לע", וואָס שמייכלט צו אַלע ארומיקע, און דערפרייט די עלטערן מיט די ערשטע זיסע קלאַנגען „מאַ" און „פּאַ", וועלכע רופן ארויס בא טאַטע־מאַמע די טיפסטע און צאַרטסטע געפילן און אי־בערלעבונגען.

און אָט שטעלט דאָס קינד זיינע ערשטע און אומזיכערע טריט. עס מאַכט דורך די גרעסטע אָנשטרענגונג אין זיין לעבן. זיין יע־דער שפּאַן איז אַ העלדישער אויפטו, יעדער טראָט אַ גרויסע דער־גרייכונג און אן אומבאַשטרייטבאַרער זיג. שטערט נישט דעם מענטשן, וואָס שטעלט זיך אָף זיינע אייגענע פיס! מאַכט אַ וואַ־רע און לאָזט פריי אַלע וועגן, אַ קינד גייט זיך באַקענען מיט זיין אייגענער היים, מיט זיין טאַטע־מאַמעס פאַרמעגן.

אַלץ איז פאַרן קינד ניי, און זיין נייגיריקייט איז שטאַרקער

פון זיין ווילן און אויסדויער. דעריבער קען עס זיך נישט קאָנצענ־טרירן אַ לענגערע צייט אויף איין זאַך, און זיין אויפמערקזאַמקייט פליט פון קעגנשטאַנד צו קעגנשטאַנד, ווי אַ בין פון בלימל צו בלימל.

„די דערפאַרונג, זאָגט דער פּעדאַגאָג ש. מיגדאַל, איז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד דער בעסטער לערער". דאָס קינד פאָרשט און באַ־אָבאַכטעט די אַרומיקע וועלט, נעמט יעדן קעגנשטאַנד אַריין אין זיינע הענטלעך און שליסט קאָנטשאַפט מיט יעדער זאַך, און וואָס גרעסער עס איז די איינגעבוירענע אינטעליגענץ פון קינד אַלץ שטאַרקער איז זיין פאָרשערישער גייסט, שאַרפער די וויסן־גירי־קייט און דער דורשט אַלץ צו זען, הערן, אָנרירן, אַרומטאַפּן און אויספּרובירן.

אויך די אַרומיקע מיטמענטשן זיינען פאַרן קינד אַן אָביעקט פון שטענדיקער באַאָבאַכטונג און נאָכמאַכונג. עס שפּירט נאָך און מאַכט נאָך אַלע זייערע גענג און פאַסטעמקעס און לערנט זיך צו זיין אַ „מענטש" מיט מענטשן גלייך און האַנדלען ווי אַ דערוואַקסענער.

די נאָכמאַכונג איז די ערשטע פרייע און זעלבסטשטענדיקע לערע פון קינד, וואָס הייבט זיך אָן אַריינפּאַסן אין דער סביבה, זיך צופּאַסן צום מענטשלעכן לעבן, און זיך איינגלידערן אין אים ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד אין דער מענטשלעכער משפחה.

אַ גרעסער קינד, וואָס האָט שוין אַ ברייטערע פאַרשטענדעניש פאַר די אַלע אַרומיקע דערשיינונגען, קאָפּירט „ווי אַ מאַלפּע" די האַנדלונגען און באַוועגונגען פון די דערוואַקסענע. אָבער דער אונ־טערשייד אין דער דאָזיקער נאָכמאַכונג איז אַזוי גרויס ווי ווייט עס איז בכלל דער מהלך פון היות ביז מענטשן. די נאָכמאַכונג פון דער מאַלפּע איז אַ ריין אויטאָמאַטישע, אַ מעכאַנישע און אומבאַוואוסט־זיניקע, ווי די פונקציע פון אַ שפּיגל, וואָס ווייזט דאָס געשטאַלט אַזוי לאַנג עס שטייט פאַר אים דער אָריגינאַל. אין דער נאָכמאַכונג פון קינד נעמען אָבער אָנטייל אַלע זיינע פּסיכישע עלעמענטן, און מיטן וואוקס פון זיין זכרון און באַוואוסטזיין פאַרוואַנדלט זיך די

נאכמאכונג אין באוואוסטזיניקער און זעלבסטשטענדיקער האנדלונג.

אט גייט א מיידעלע אריין אין קיך, פארפוצט זיך אין דער מאמעס פארטוך און נעמט זיך „קאכן" מיטיק פון ברעקעלעך ברויט, בלעטעלעך גרינס און אנדערע „שפייז-פראדוקטן", וועלכע זי קלייבט ערגעץ צונויף אדער באקומט פון דער מאמען א מתנה. דאס קינד מאכט נאך דער מוטער. דאס קליינע „באלעבאסטינקע" שפילט זיך, און לערנט זיך שפילנדיק אומצוגיין מיט קיך-געשיר, כדי שפעטער זעלבסטשטענדיק צו קאנען דערפילן אירע פונקציעס אלס הויז-ווירטן.

א אינגעלע קלאפט מיט א האמער און טרעפט נישט אין משוועקל. עס פארדריסט אים און ער זידלט זיך אויס בא יעדן דורכפאל „ווי א גרויסער". דאס מאכט נאך דאס קינד דעם פאטער אדער דעם שכן און צוזאמען מיט די קלעפ פון העמערל „קלאפט" עס אויך אויס זייער לשון.

א מיידעלע קושט, האלזט און צערטלט איר ליאלקע און באשיט זי מיט די הארציקסטע און צערטלעכסטע ווערטער — דאס מאכט זי נאך די סענטימענטאלע ליבע-אויסגוסן פון איר מוטער.

אן אנדער מיידעלע שרייט אף איר ליאלקע און ווארפט זי פון איין ארט אפן אנדערן; דא, זאגט זי, דארף מען נישט גיין און דארט דארף מען ניט שטיין; זי שיט איר פון צייט צו צייט אריין א קללה און גיט איר אויך צומאל א רים און א קניפ, — דאס מאכט זי, נעבעך, אויך נאך איר מוטער און לערנט זיך צו זיין א „מאמע".

אף די ביישפילן פון די גרויסע לערנען זיך די קליינע און דאס דארפן די עלטערן גוט געדענקען, און נישט געבן די קינדער קיין שלעכטע ביישפילן און נישט ווייזן זיי קיין מיאוסע מוסטערן, וועלכע די קינדער קאפירן און זייגן אין זיך אריין „מיט דער מאמעס מילך".

# לאזט די קינדער זיך שפּילן

דאָס קינד מאַכט נאָך די דערוואַקסענע און פאַרוואַנדלט זייערע האַנדלונגען אין פאַרווײַלונג און שפּיל. און די נאָכמאַכונג איז ניט קיין מעכאַנישע קאָפּיע, נאָר באַאַרבעט מיט אַ רײַכן צויבער פון קינדס פאַנטאַזיע, וואָס פאַרוואַנדלט אַלץ אין אַ וואונדערלעך געמיש פון חלום און וואָר, פון טרוים און ווירקלעכקייט.

די קינדערישע פאַנטאַזיע איז וואונדערבאַר שעפעריש. אַ פליג פאַרוואַנדלט עס אין אַ העלפאַנט, אַ פּאַפּירל אין אַ שיף, אַ שיף אין אַן אָדלער... דעריבער איז גלײַכער נישט צו באַלאָדן דאָס קינד מיט קיין פאַרטיקע שפּילערײַען, וואָס לאָזן נישט קיין פּלאַץ פאַר דער זעלבסטשטענדיקער טעטיקייט פונעם קינדס פאַרשטעלונגס-קראַפט.

אַ שטעקן אַלס פערד, איז פאַר אַ אינגעלע פון אַ פּאָר יאָר, פיל בעסער ווי אַ פאַרטיק פערד, ווײַל צום שטעקן מאָלט ער אַליין צו פיס, רעדלעך אָדער גאָר פליגל, און אין זײַנע „רײַזעס" איבער דער שטוב און הויף אַרבעט נישט נאָר דער קערפּער, נאָר אויך זײַן

פאַרשטעלונגס-קראַפט. און פאַר א מיידעלע אין דעם עלטער, קען א טיכל פון וועלכן זי מאַכט זיך א „קינדעלע", זיין פונקט אזוי גוט ווי די פיינסטע און ווערטפולסטע ליאַלקע.

די אַלע צאַצקעס, וואָס נייען, שפּרינגען און פאָרן ווערן דעם קינד גיך נמאס, ווייל עס האָט נישט מיט זיי וואָס צו טון, זיי גיבן נים קיין טעטיקייט זיין פאַנטאַזיע און זיין שטענדיקער שאַפונגס-לוסט. אוודאי פריידט זיך דאָס קינד ווען עס באַקומט אַזאַ שפּילצייג. דרייט ער עס אַן איין מאָל, צוויי מאָל, הונדערט מאָל; אָבער דער חפץ מאַכט שטענדיק די זעלבע באַוועגונגען, — פאַרט אַביסל און שטעלט זיך אָפּ. דאָס קינד בלייבט א פאַסיווער צושויער, ווערט עס אים גיך דערעסן, און דאָס שפּיל — וואָס איז קיין שפּיל נים — וויל עס מער נישט אָנקוקן.

מיטן וואוקס פונעם קינד וואַקסן אויך זיינע השגות אין באַ-ציאונג צו זיינע שפּילרייען. וואָס ברייטער עס ווערט זיין גייס-טיקער האָריזאָנט, אַלץ גרעסער ווערן זיינע פאַרלאַנגען. א פּיצל קינד באַנוגנט זיך מיט אַרומקריכן איבערן פאָל. אַן עלטערס וויל שוין אָבער „קלעטערן אויף די ווענט".

דאָס שפּילצייג מוז דעריבער „וואַקסן" מיטן קינד צוזאַמען. פאַר א פּיצל קינד, וואָס קען נאָך נישט גיין, זיינען גענוג עטלע-כע וואַשבאַרע קייקעלעך אָדער רעדעלעך, און א פרייער פלאַץ אויף אַרומצוקריכן און באַוועגן דאָס אייגענע קערפּערל און לאָזן אין גאַנג די הענטלעך און פיסלעך. פאַר אַן עלטער קינד מוזן שוין גע-שאַפן ווערן פיל גרעסערע שפּיל-באַדינגונגען און מער מעגלעכקיי-טן צו „אַרבעטן" און אזוי שפּילנדיק אַנטוויקלען זיין אונטערנע-מונגס-גייסט, זיין ווילן, איניציאַטיוו און אויסדויער אין דער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן געוויסע פּלענער און דערגרייכן באַ-שטימטע צילן.

צוזאַמען מיטן פיזישן וואוקס פון קינד וואַקסט אויך זיין פאַר-שטענדעניש, זיין דערפאַרונג און אינטערעס, און פונקט ווי א

שול-קינד גייט אריבער פון א נידעריקערן קלאס אין א העכערן, אזוי דארף אויך דאס קינד אין פארשול-עלטער גיין פון איינפאכע און לייכטע שפילערייען צו מער שווערערע און קאמפליצירטערע.

דאס שפיל איז דעם קינדס זעלבסטבילדונג, שפילנדיק לערנט זיך עס אוים צו באהערשן די אייגענע גלידער, וועלכע ווערן אין שפיל פארשטארקט און אנטוויקלט. און באזונדערס גוט זיינען די שפילן, וואס גיבן דעם קינד א געלעגנהייט וואס מער צו „אר־בעטן", צו מייסטרעווען, שניצן, שניידן, בויען און פלאנעווען. שפילנדיק באקענט זיך דאס קינד מיט די אייגנשאפטן פון די אלע זאכן וואס רינגלען אים ארום, און דערלערנט אויך די חכמה פון פארזיכטיקייט, אויסגערעכנטקייט, ארבעט און אויסדויער.

און א קינד, ווי געזאגט, אנטוויקלט אין שפיל ניט בלויז זיינע מעגלעכקייטן, נאר אויך זיינע גייסטיקע פעאיקייטן, און באריי־כערט זיין באוואוסטזיין און זכרון מיט נייע דערפארונגען, אנט־דעקונגען און איינפאלן, וואס פארשאפן אים פיל פרייד און פארגעניגן.

## קינדער דאַרפֿן האָבן
## אַ סביבה פֿון קינדער

דאָס קינדערשע וועלטל האָט זיינע אייגענע געזעצן, וואָס זיי־נען גאַנץ אַנדערע ווי די נאָרמען לויט וועלכע עס אַנטוויקלט זיך דאָס לעבן פֿון די דערוואַקסענע. ווען אַן עלטערער מענטש זאָל זיך שטעלן ריידן צו זיך אַליין און לעבן מער מיט טרוימען ווי מיט דער רעאַלערווירקלעכקייט, וואָלטן מיר עס באַטראַכט פֿאַר אַן אומ־נאָרמאַלער און פּאַטאָלאָגישער דערשיינונג.

דאַקעגן איז זייער נאָרמאַל די טרוימעריי פֿון קינד און זיינע חלומות אַף דער וואָר, זיינע טענות צו זיך אַליין, זיינע פֿאַנטאַס־טישע אויסטראַכטענישן און זיין דראַמאַטישע פֿעאיקייט צו שפּילן די פֿאַרשיידענע ראָלן און אין די פֿאַרשיידנסטע סיטואַציעס—דאָס אַלץ באַטראַכטן מיר פֿאַר אַ נאָרמאַלער און געוואונטשענער דער־שיינונג, וואָס ברענגט צום אויסדרוק דעם קינדס אינטעלעקט, וועלכער שוועבט נאָך אין די הימלען פֿון ליכטיקן טרוים, וואו אַלץ נעמט אָן אַזעלכע אומרעאַלע און פֿאַנטאַסטישע פֿאָרמען.

די איניציאַטיוו פֿון קינד, זיין שפּיל־לוסט און זיין דראַנג צו

באוועגונג און מעטיקייט, קומען אבער צום פולן אויסדרוק נאר אין א געזעלשאפט פון קינדער. מיט דערוואקסענע וועט א קינד קיינ־מאל זיך ניט פילן אזוי גליקלעך ווי מיט חברימלעך פון זיין עלטער.

פון דריי־פיר יאר אן פילט שוין דאס קינד א נויטווענדיקייט אין חברים און שותפים צו זיינע שפילערייען. דאס איז די צייט ווען מען דארף דאס קינד שיקן אין קינדער־גארטן, און ווען דאס איז ניט מעגלעך, דארפן די עלטערן אים לאזן פריי זיך שפילן מיט אנדערע קינדער, און ניט מיט קיין פיל עלטערע פון אים, ווייל עס וועט זיי נאכמאכן — און נישט שטענדיק איז דאס עלטערע קינד א גוטער מוסטער — און אויך נישט מיט קיין פיל קלענערע, ווייל עס וועט זיך מיט זיי ניאנטשען און זיך שפילן ווי מיט ליאל־קעס, אבער ניט ווי מיט זיינגלייכן.

אין א געזעלשאפט פון קינדער ווערט אף א נאטירלעכן אופן געצוימט דעם קינדס איבערפליסיקע טרוימעריי, זיין „רעדן צו די ווענט" און זיין חלומען אף דער וואר. דעם קינדס פאנטאזיעס ווע־רן ענגער פארבונדן מיט דערווירקלעכקייט און צוגעפאסט צו די בשותפותדיקע שפילערייען, און צום ווילן און געשמאק פון די אלע אנדערע קינדער.

בא א קאלעקטיוון שפיל אנטוויקלען זיך די געזעלשאפטלעכע אייגנשאפטן פון די קינדער, און עס ווערן אפגעטעמפט זייערע עגאיסטישע ־אימפולסן און זייער געפיל פון אויסדערוויילטקייט, וואס ארבעט זיך אויס אין פארקער מיט די דערוואקסענע, וואס צערטלען צו פיל די קינדער און גיבן זיי אלץ נאך.

אין שפיל אנטוויקלען זיך די הומאניטארע געפילן פון קינד. עס לערנט זיך אויס צו טיילן מיט זיין שפילצייג, מיט זיינע איינ־פאלן און געדאנקען; איינם העלפט ארויס דעם צווייטן און אלע צוזאמען שטרעבן צו איין ציל. דער יחיד מוז פארבייגן זיינע פאר־לאנגען און קאפריזן, און זיך צופאסן צו די רעגלען פון קאלעק־טיוון שפיל, אדער צו די באדערפענישן און מעגלעכקייטן פון אנ־דערע קינדער.

עס אנטוויקלט זיך דאס געפיל פון סאלידאריטעט און דער

כאראקטער ווערט דיסציפלינירט, ווייל אין צוזאמענדיקן שפיל מוז מען זיך אונטערווארפן דעם אנפירער, און דער ווילן ווערט געשטארקט, ווייל דאס קינד שטרענגט זיך אן נישט אפצושטיין פון אנדערע קינדער אדער פארקערט, עס באמיט זיך אנצויאגן און איבערשטייגן אייניקע פון זיינע חברימלעך.

אין שפיל פארבינדט זיך אפט א פארמעסט צווישן פארשיידענע קינדער, א שטרייט פאר דער אנפירונג, א שטרעבונג צו געפינען חן אין די אויגן פון אנדערע. געפילן פון חברשאפט, צוגעבונדנקייט, אפפערווויליקייט, און אלע אנדערע גייסטיקע און פיזישע מעגלעכקייטן און פעאיקייטן קומען צו זייער אויסדרוק און ווערן אנטוויקלט אין די קאלעקטיווע שפילערייען.

שפילנדיק האלט אויף דאס קינד זיין גוטע שטימונג און באזונדערס נוצלעך און נייטיק זיינען פאר קינדער די שפילערייען אף דער פרייער לופט, וואס פארלייכטערן די בלוט-צירקולאציע, די פארדייאונג און לאזן אין באוועגונג און האלטן אויף אין א פרישן מונטערן צושטאנד דעם גאנצן ארגאניזם, אלע זיינע חושים, געפילן און געדאנקען.

קינדער וואס ווערן דערצויגן אין איינזאמקייט אדער בלויז אין געזעלשאפט פון דערוואקסענע, פארזוכן פריצייטיק דעם טעם פון לאנגווייליקייט און אומעט, וואס לאזט איבער א שאטן פון טרויעריי אף זייערע געזיכטער און פארצערטקייט און נעבעכדיקייט אין זייער גאנצן וועזן.

## וואָס „צו“ איז אומגעזונט

וואָס „צו“ איז אומגעזונט. אַלץ דאַרף זיין אין אַ מאָס, און אַז דער מענטש זאָל נישט פאַרלירן זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט און זיינע גוטע מענטשלעכע מידות, טאָר ער אין קיין שום זאַך נישט איבערטרייבן און אין אַלץ זיין מעסיק און איינגעהאַלטן;

גליק איז ווי שטאַרקער וויין, אין אַ גרויסער דאָזע פאַרשיכורט עס דעם באַוואוסטזיין. צו פיל רייכטום קאָן אַפּט זיין אַזאַ דעמאָראַליזירנדיקער כוח ווי צו פיל אָרעמקייט; דאָס ערשטע, גיט צו פיל מעגלעכקייטן אָן דער מינדעסטער אָנשטרענגונג פון שכל און ווילן, און דאָס צווייטע, גיט צו פיל ליידן און זאָרג, וואָס פאַרטעמפּן דעם שכל און פאַרצערן די געפילן.

אין פאַבריקן שמועס האָב איך געזאָגט, אַז אַ קינד דאַרף געזעלשאַפטלעך זיך אויסלעבן און זיין וואָס מער אין אַ געזעלשאַפט פון קינדער און ניט פון קיין דערוואַקסענע. דאָס הייסט אָבער ניט,

אַז מען דאַרף דאָס קינד שטענדיק לאָזן אַרומבלאָנקען מיט אַנדע־רע קינדער און אַף שעהן־לאַנג פאַרפאַלן ווערן פון שטוב.

אונזערע אידישע גאַסן און הויפן זיינען, קיין עין־הרע נישט, איבערגעפילט מיט קינדערלעך און אַ סך מאַמעס אָדער טאַטעס זיינען צופרידן, וואָס זיי „פּטרן דעם טומל אַרויס פון שטוב" און וואָס דאָס קינד שפּילט זיך מיט קינדער.

אָבער די עלטערן דאַרפן — ווי ווייט מעגלעך — די קינדער האָבן אַפן אויג אויך אין דער צייט ווען זיי זיינען אויסער דער שטוב, און וויסן מיט וועמען זיי שפּילן זיך, ווייל אין די צוזאַ־מענדיקע שפּילערייען קענען אָפט געבן דעם טאָן די אַמערסטן אי־בערגעפירטע קינדער, וואָס אימפּאָנירן זיך לייכט אַף זייערע מער נאַיווע און צוריקגעהאַלטענע חברימלעך.

אויב די עלטערן קענען נישט אויסקלייבן קיין פריינט און חברים פאַר זייערע דערוואַקסענע און פּוליאַריקע קינדער, וואָס פאַרמאָגן שוין אַליין אַ קריטעריום וועגן זאַכן און מענטשן, דאַרפן זיי אָבער יאָ אינטערווענירן אינעם אויסוואַל פון חברימלעך און פריינט פאַר זייערע קלענערע קינדער.

אָבער באַזונדערס איז נייטיק אַ געוויסער קאָנטראָל מצד די עלטערן אַפן קינדס צייט, ווייל ווען קינדער שפּילן צוזאַמען פאַר־געסן זיי אַלע מאָסן און פליכטן.

און שטאַרק מעסיק דאַרף מען אויך זיין אין באַטיילן דאָס קינד מיט שפּילצייג. וואָס אָפטער עס וועט באַקומען שפּילערייען אַליין אַ קלענערן אינטערעס וועט עס צו זיי אַרויסווייזן און וועט שטענדיק פאָדערן אַלץ נייע מתנות.

אַ קינד וואָס פאַרמאָגט אַ סך שפּילצייג, איז ווי אַ רייכער פאַרשווענדערישער יורש, וואָס ווייסט נישט און וויל נישט וויסן דעם ווערט און די מי, וואָס דאָס רייכטום האָט געקאָסט אָנזאַמלען.

בא אַזעלכע קינדער האָט קיין שפּילצייג נישט קיין ווערט, זיי וואַרפן זיך פון איין זאַך צו דער אַנדערער, באַטראַכטן אַלץ אויבנאויפיק, באַפרידיקן בלויז דאָס געפיל פון נייגיריקייט, בינדן

זיך צו קיין זאַך נישט צו, באַקומען גאָרנישט ליב, און עס ווערט זיי אַלץ גיך נמאס און לאַנגווייליק.

קיין טיפע געפילן וועלן זיך בא אַזעלכע קינדער נישט אויס־בילדן און זיי וועלן בלייבן אויבערפלעכלעך נישט נאָר אין זייערע סענטימענטן, נאָר אויך אין זייער אַרט דענקען, וואָס וועט קיינמאָל נישט פילן דעם שעפערישן און לײַדנשאַפטלעכן דראַנג פון וויסן־גיריקייט, וואָס שטויסט צו פאָרשן, שטודירן, אַרייַנדרינגען און באַנעמען די נשמה פון זאַכן און מענטשן.

אַ קינד וואָס פאַרמאָגט ווייניקער שפּילצייג, וועט זיך מער צובינדן צו יעדער זאַך, עס האַלטן טייערער, מער אָפּהיטן, טיפער אין דעם אַרייַנדרינגען, אויפמערקזאַמער באַטראַכטן און עס וועלן אין זיין נשמה לאַנגזאַם זיך אויסבילדן שטאַרקע און קאָנסטאַנטע געפילן, מיט אַ טיפערן און גרינטלעכערן צוגאַנג צו זאַכן, און מיט אַ רייכערן און טיפערן גייסט.

די שיינע און ברייטהאַרציקע טבע, וואָס איז איינגעפירט בא אייניקע מענטשן, אַז אַ מתנה פאַר די קינדער נישט אַרייַנצוקומען אין שטוב, איז אין דער ווירקלעכקייט זייער אַ שלעכטע און שעדלעכע מידה פון וועלכער אַלע עלטערן, — און באַזונדערס די אַלע גוטע און ליבהאַרציקע פעטערס און מומעס, — דאַרפן זיך אָפּגעוואוינען.

קינדער וועלכע מען שטופּט פון אַלע זייטן מתנות הייבן אָן קוקן אַלעמען אויף די הענט און שאַצן די מענטשן לויט די מתנות וואָס מען גיט זיי. אַזעלכע קינדער האַלטן אין איין פאָדערן מען זאָל זיי געבן, זיי ריידן זיך איין אַז אַלץ קומט זיי, וויפל מען גיט זיי איז ווייניק און שטענדיק פאָדערן זיי נאָך.

מען דאַרף פון צייט צו צייט באַשענקען דאָס קינד מיט אַ מתנה. דאָס שאַפט שטימונג און ברענגט אַריין אַ יום־טוב אין שטוב. אָבער מען טאָר נישט איבערכאַפּן די מאָס, ווייל וואָס „צו" איז אומגעזונט, עס פאַרדאַרבט דעם כאַראַקטער פון קינד און אַנשטאָט גליק, פאַרשאַפט עס אים ליידן און אומרו.

## שרעקט נישט די קינדער

ווען עלטערן קענען זיך ניט קיין עצה געבן מיטן קינד, ווענדעט מען געוויינטלעך אן די פארשיידנסטע מיטלען, דער אויסוואל פון וועלכע איז שוין אפהענגיק פון דער דערציאונג און פון דעם טעמפעראמענט פון די עלטערן גופא.

איינעקע אימפאנירן זיך פשוט מיט פיזישן כוח: מען גיט דעם קליינעם שטיפער אדער עקשן א פאר קלעפ, און דאס קינד, ווי א שוואכערער צד אין דעם קאמף, מוז זיך אונטערגעבן. אנדערע ווידער, וואס האלטן נישט פון קאנטשיק, פרואוון זיך אימפאנירן מיט גוטן, מיט בקשות, מיט צוזאגן, אדער גאר מיט געשרייען און דראונגען.

אבער געוויינטלעך ווערן אנגעווענדעט דראסטישע מיטלען ווען די עלטערן פארלירן שוין דאס געדולד. און ווען א מענטש גייט ארויס פון די כלים און פארלירט דאס גייסטיקע גלייכגעוויכט, איז

ער נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים און טוט אָפּ זאַכן, אַף וועלכע ער אַליין האָט שפּעטער חרטה.

אין די באַציאונגען מיט די קינדער דאַרף מען באַזונדערס זיך באַמיען נישט אויפצורעגן. ווייל מיט כעס קען מען אַ קינד בלויז אָפּשרעקן, אָבער בשום אופן נישט איבערצייגן און נאָך ווייניקער דערציען.

דאָס בעטן זיך בא די קינדער, אָדער זיי אונטערקויפן מיט צוזאָגן זיינען מיטלען אוודאי ניט קיין פּאַסיקע. אָבער דער מעטאָד פון אָנשרעקן איז באַזונדערס אַ שעדלעכער און אַף דעם וועלן מיר זיך באַציען אין דעם שמועס.

מיר באַצייכענען עס ווי אַ „מעטאָד", ווייל אייניקע עלטערן שרעקן זייערע קינדער נישט נאָר אין די בייזע מינוטן פון כעס, נאָר דווקא אין גוטן מוט, ווי אַ מיטל וואָס דאַרף פאַרהיטן די קינדער פון אַלע אומגליקן און ווי אַ בייטש, וואָס דאַרף זיי האַלטן אין שטענדיקער מורא און געהאָרכזאַמקייט.

אין אַרגענטינע איז נאָך צו דעם פאַראַן אַ מין נאַציאָנאַלע סטראַשידלע פאַר די קינדער, דער שרעקלעכער קינדער-פרעסער סעניאָר „קוקאָ". די אַלטע אידישע מאַמעס פלעגן שרעקן מיטן „ציגיינער מיט דער טאָרבע", די היגע מאָדערנערע און אַרגענטי-ניזירטע מאַמעס באַנוצן זיך מיט דער וואונדערבאַרער ווירקונג פונעם „קוקאָ".

ווייל מען נישט, אַז דאָס פּיצל קינד זאָל גיין אין קיך, זאָגט מען אים אָן די בשורה, אַז דאָרטן זיצט אַ „קוקאָ". און אַז אַ קלוגע מאַמע וויל פאַרהיטן דאָס פאַרמעגן פון דער שפּייז-שאַפּקע, אַז עס זאָל דאָרט עפּעס נישט געמינערט ווערן, זאָגט זי אָן איר קליינעם נאַשער, אַז דאָרטן איז פאַרשלאָסן דער שרעק-לעכער „קוקאָ".

דאָס קינד הייבט אָן זען דעם „קוקא" אין אַלע פינצטערע ווינ-קעלעך און זיין אָנגעשראָקענע פאַנטאַזיע מאָלט אים אויס די שרעקלעכסטע בילדער, וואָס באַרויבן זיין פרייד און פאַרשטערן זיין שלאָף.

אין די פּאָליציייאישע נייעס, וואָס ווערט מעגלעך פאַרעפנטלעכט אין דער בוענאָס-איירעסער פּרעסע, איז איינמאָל געווען אַ קורצע ידיעה וועגן אַ זיבניאָריק קינד, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט און ווען אַ פּאָליציאַנט איז צו אים צוגעגאַנגען, איז עס פאַר שרעק אַראָפּ פון זינען. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט מען אין שטוב שטענדיק געשראָקן דאָס קינד מיטן פּאָליציאַנט, אַז אַ „פּאָליציאַנט" וועט קומען און אים צונעמען.

ווער ווייסט וואָסערע שרעקלעכע בילדער די קינדערישע פּאַנטאַזיע האָט פאַרבונדן מיטן שרעקונגס-וואָרט „פּאָליציאַנט"? און ווען דאָס קינד האָט זיך פאַרבלאָנדשעט און אַ פּאָליציאַנט איז צו אים צוגעגאַנגען, אָבער נישט אַף „צונעמען", נאָר אַף אַוועקפירן אַהיים, האָט דאָס אומגליקלעכע נפשל פאַר דערשרעק געליטן אַ שווערע גייסטיקע דערשיטערונג.

דער אומגליקלעכער פּאַל מיטן קינד איז, נאַטירלעך, אַ זעלטענער אויסנאַם. זייער וויניק דערגייט עס צו אַזעלכע עקסטרעמען, אָבער אַ פאַקט איז, אַז דאָס טעראָריזירן די פאָרשטעלונגס-קראַפט פון די קינדער מיט שרעקונגס-בילדער איז ניט נאָר שעדלעך, נאָר אויך געפערלעך.

עס איז פּשוט אַ פאַרברעכן צו באַפעלקערן דאָס קינדערשע וועלטל מיט קוקאָס, טייוואָלים און מכשפים, און פאַרשטערן מיט די גרויל-בילדער די ליכטיקע פרייד פון די אומשולדיקע קינדער-יאָרן.

# קינדער דאַרפֿן אַרויסהעלפֿן אין דער שטוב-אַרבעט

נישט נאָר שפּילן זיך דאַרף אַ קינד, נאָר אויך אַרבעטן. פֿון דער פֿריסטער יוגנט אָן דאַרף מען שוין צוגעוואוינען דאָס קינד צו באַדינען זיך אַליין און אויך אַרויסהעלפֿן די עלטערן אין דער אַרבעט.

די מוטער איז פֿאַרן קינד נישט קיין דינסט און דאַרף עס נישט באַדינען. און עס פֿאַלט נישט צו שווער פֿאַר די קינדער ווען זיי העלפֿן גרייטן צום טיש, אַרומווישן דאָס מעבל און טון אַנדערע קלענערע און גרעסערע אַרבעטן אין קיך, אין הויף און אין שטוב.

די דאָזיקע אַרבעט האָט אַ גרויסע דערציערישע באַדייטונג אינעם זין פֿון אויסבילדן דעם כאַראַקטער פֿון קינד, און אַנטוויקלען אין אים שיינע מאַנירן און הומאַניטאַרע געפֿילן.

אַ קינד וועלכן מען טראָגט אַלץ אונטער, וועלכן מען באַדינט אָן אויפֿהער, וועלכן מען גיט אַלע רעכטן אָן פֿליכטן, — אַזאַ קינד פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ טיראַן פֿון דער פֿאַמיליע, דער עגאָיזם פֿון וועלכן עס וואַקסט צוזאַמען מיט די יאָרן.

אַ קינד אין פֿאַרשול-עלטער מוז שוין האָבן באַשטימטע אַרבעטן אין שטוב און עס דאַרף וויסן, אַז זיין חוב איז נישט בלויז צו נעמען, נאָר אויך געבן און נישט בלויז פֿאַרלאַנגען באַם צווייטן נאָר אויך פֿאָדערן פֿון זיך.

דערלאנגען דעם טאטן א גלאז וואסער, לאמיר זאגן, אדער העלפן דער מאמען אויסווישן די טעלער, זיינען „קלייניקייטן”, אבער די דאזיקע קיילניקייטן שפילן א גרויסע ראלע אין דער דערציאונג פון קינדס כאראקטער.

דורך אזעלכע האנדלונגען ווייזט דאס קינד ארויס זיין ליבע, אויפמערקזאמקייט און דרך־ארץ צו די עלטערן. אויסערדעם אנט־וויקלט זיך באם קינד א באוואוסטזיין פון מיטגעפיל און פארשטענ־דעניש פאר יענעמס מי און ארבעט.

א קינד, וואס העלפט אליין ריין־מאכן די שטוב, וועט נישט אנ־שמוצן, און עס באקומט א באגריף און א געוואוינהייט פאר ריינ־לעכקייט און ארדענונג.

מען מאר אבער נישט די קינדער באלאסטן מיט קיין ארבעט, און אויב די מאמע דארף נישט זיין קיין דינסט פאר אירע קינ־דער, דארפן נאך ווייניקער די קינדער זיך פארוואנדלען אין באַ־דינער פון זייערע עלטערן.

קינדער, וואס ווערן צו־פרי באלאסטעט מיט שטוביקע זאר־גן פארלירן זייער קינדערישן חן, און דער פריצייטיקער אומעט באגלייט זיי נאכדעם ווי א שווארצער שאטן זייער גאנץ לעבן.

נישט די ארבעט פון קינד דארפן אויסן־זיין די עלטערן, נאר דעם קינדס אייגענע נוצן. נישט דער אויפטו איז אין דעם פאל וויכ־טיק, נאר זיין דערציערישע ווירקונג. ארבעטנדיק אנטוויקלט דאס קינד זיין ווילן, זיין זכרון, אלע זיינע גייסטיקע און פיזישע קרעפטן. און ארבעטן דארף מען דאס קינד לערנען נישט מיט קיין געשרייען, נישט מיט קיין קלעפ און נישט מיט קיין מוסר־דרשות.

מיט גוטן קען מען פיל מער אויפטון ווי מיט בייזן. א גוט ווארט ווירקט שטארקער ווי א קאנטשיק און מיט א שמייכל קען מען מער אויפטון ווי מיט א שטעקן.

מען דארף סטימולירן דעם קינד אין זיין ארבעט, אים צוגעבן חשק; זיך נישט צעגיסן אין לויב־געזאנגען, אבער נישט איגנא־רירן און אנערקענען זיין יעדן אויפטו.

## לייכטזיניקע צייט-פאַרשווענדער

עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס שטענדיק איילן זיי זיך און דאָך פאַרשפּעטיקן זיי, און ליגן שטענדיק ווי אונטער אַ באַרג פון נישט-אָפּגעטוענע אַרבעטן און פון נישט-דערפילטע פליכטן.

צווישן אָנגעשטעלטע, אַרבעטער, הויז-באַלעבאָסטעס, ווי בכלל צווישן מענטשן, וואָס לעבן „אויפן זייגער" און וואָס זיינען באַלאַסטעט מיט פאַרשיידענע אַרבעטן און פליכטן, קען מען אָפט טרעפן אַזעלכע טיפּן, וואָס „יאָגן פון זיך שטענדיק די פּאַרע" און זיינען קיינמאָל נישט פּאַרטיק.

עס קענען זיין פאַלן ווען איינער איז באַלאָדן מיט צו פיל אַרבעט, און ס'איז אים פיזיש אומעגלעך אַליץ צו דערליידיקן אין צייט. ווידער זיינען דאָ מענטשן, וואָס זיינען געשטראָפט פון גאָט מיט ליימענע פינגער, אַליץ „פאַלט באַ זיי מיט דער פּוטער אַראָפּ". זיי רירן זיך לאַנגזאַם, טוען פּאַמעלעך, און יעדער קליי-ניקייט קומט זיי אָן קריעת-ים-סוף, ווי שפּאַלטן דעם ים.

אשת חיל מי ימצא? — אַ ווייב אַ בריה האָט מען נאָך געזוכט

אין די ביבלישע צייטן און נישט געפונען ביז היינט. און מענער בריות וואלגערן זיך אויך נישט אין די גאסן. ארבעטן שנעל און גוט איז נישט לייכט, און קוואליטעט פאדערט אנ־שטרענגונג און צייט.

טאנדעט ווערט געמאכט כאפ־לאפ און יעדער פראפעסיע האט אירע טאנדעטניקעס. דער ציל דארף דעריבער זיין נישט נאר דער טעמפא און כמות פון דער ארבעט, נאר אויך — און דער עיקר — דער איכות, די קוואליטעט, וואס איז אין דער דערציאונג א פאקטאר פון ערשטראנגיקער באדייטונג.

קינדער דארף מען לערנען צו ארבעטן נישט נאר שנעל, נאר אויך שיין, ריין און גוט. די יאגעניש נאך שנעלקייט קען נישט שאפן קיין באציאונג צו דער ארבעט, און נאר דאס שטרעבן צו פער־פעקטקייט, צו שלימות, קען ארויסרופן א געפיל פון אינטערעס און ליבע צו דער פראפעסיאנעלער און שעפערישער טעטיקייט.

אבער אמשווערסטן איז אויסצובילדן א געוואוינהייט צו סיס־טעמאטישער און פלאנמעסיקער ארבעט, וואס פאדערט א באשטימטע גייסטיקע דיסציפלין איבער זיך און איבער דער אייגענער צייט.

צערייבן די צייט איז זייער לייכט, לעבן מיט אויסרעכענונג, איז א סך שווערער. און די „אויסרעכענונג” דארף זיין נישט נאר אין געלט, נאר אויך אין די שעהן און מינוטן פון טאג, וועל־כע קענען בא די אומאויסגערעכנטע צייט־פארשווענדער פאר־לוירן־גיין אן נוצן און אן פארגעניגן.

קינדער דארף מען לערנען צו ארבעטן מיט אויסרעכענונג, עקאנאמיש, אזוי אז די קלענסטע אנשטרענגונג זאל געבן די גרעסטע רעזולטאטן. און לערנען דארף מען די דאזיקע וויכטיקע לעבנס־קונסט אין שטוב, בא דער טאג־טעגלעכער קליינלעכער ארבעט, וואס נעמט צו א סך צייט און אמאל אויך א סך געזונט בא יעדן מענטשן.

אפילו באם גרייטן צום טיש קען מען אין דעם זין א קינד

זייער פיל לערנען. זאָל עס נישט טראָגן יעדן לעפל און גאָפל באַזונדער, און נישט אָנמאַכן זיך קיין אומזיסטע גענג און אומזיסטע אַרבעטן. אויסגערעכנט דאַרף מען זיין אין יעדער „קלייניקייט, ווייל די „קלייניקייטן" פילן אויס, א גרויסן טייל פון אונזער לעבן.

דער גרויסער אידישער דיכטער פּרץ מאַרקיש, האָט אַמאָל געהייסן „פאַרקלעפּן אַלע ציפערבלאַטן"; אַבער ווי גוט דאָס וואָלט נישט געווען, מוזן מיר דאָך — און איבערהויפּט אין שטאָטישן לעבן — „אפן זייגער" און קוקן אפן ציפערבלאַט.

אין קוקט מען, זאָל מען קוקן מיט נישט קיין בלינדע אויגן, און ווען איינער דאַרף אַרויסגיין אכט אַזייגער, זאָל ער זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין אַרבעטן, וואָס וועלן דויערן ביז ניין. דער מענטש, וואָס מוז זיך צופּאַסן צו א באַשטימטער צייט, מוז אויך קענען צופּאַסן זיינע מעשים און געדאַנקען צום ריטם פון דער צייט און נישט פאַרגעסן, אַז די צייט שטייט נישט.

די דאָזיקע פאַרגעסעניש צעשטערט דעם אינערלעכן פרידן און שאַפט א קאַטעגאָריע מענטשן, וואָס האָבן נישט דעם „ציפערבלאַט" פאַר די אויגן, נאָר טראָגן אים ווי א האָרב אף די פּלייצעס. זיי פילן דעם דרוק פון דער אַרבעט און פּאַסן זיך נישט צו צו דער צייט. אָבער דער מענטש דאַרף זיין אויסגערעכנט נישט נאָר אין זיין אַרבעט, נאָר אויך אין זיין אָפּרו. ווייל דער וואָס קען נישט רוען קען אויך נישט אַרבעטן.

# אינגעלעך, וואָס האָבן מער ליב די מאַמע און מיידעלעך — דעם טאַטן

ס'איז נאַטירלעך, אַז אינגלעך זאָלן זיין מער צוגעבונדן צום טאַטן, און מיידלעך — צו דער מאַמען. לויט איר נאַטור איז אַ מיידעלע מער גענייגט צו די באַשעפטיקונגען, צו דעם לעבנס־שטייגער און צו דער מיסיע, וועלכע עס דערפילט די מוטער און אינסטינקטיוו מאַכט זי איר נאָך אין אירע שפילערייען. זי וואַשט, קאָכט, פוצט זיך, נייט און שפילט זיך מיט איר פופע ווי אַ „מאַמע".

דאַקעגן אינגלעך האָבן אַ נייגונג צו גאַנץ אַנדערע שפילערייען. זייערע מענערישע כאַראַקטער־שטריכן אַנטפּלעקן זיך שוין אין דער פריסטער יוגנט און בעת אַ מיידעלע קען שעהן־לאַנג פאַרברענגען צערטלענדיק איר ליאַלקע, וועט אַ אינגל רייטן אַף אַ שטעקן, שפּילן אין פערדלעך, קלאַפּן טשוועקלעך, האַמערן, מייסטרעווען, בויען און קערן וועלטן.

די קליידונג און דאָס פוצן זיך פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין

קינדס שפילערייען און אין דעם איז די מאמע דער ערשטער מיסטער פארן מיידעלע, איר ארויסהעלפערקע און חברטע. דאס אינגעלע איז אבער מער חבר מיטן טאטן, פון אים קאפירט ער אלע זיטן און גענג, מיט אים שפילט ער זיך גערן און ווערט מיט אים א גוטער ברודער. צו דער מאמעס באשעפטיקונגען ווייזט דאס אינגל ארויס א גאנץ קנאפן אינטערעס, דאקעגן אבער אינטערעסירט ער זיך שטארק מיט אלץ וואס עס טוט דער טאטע.

אין לעבן טרעפן מיר אבער אפט מיידעלעך, וועלכע זיינען „פארליבט" אין טאטן און אינגלעך וועלכע זיינען שטארק צוגעבונדן צו דער מאמען.

מיר זעען נישט אין דעם קיין שום אומנאטירלעכע נייגונגען פון געשלעכטלעכן כאראקטער, ווי איניקע זיינען גענייגט צו טראכטן און ווי עס האט אויך געלערנט פרויד, וועלכער האט אזא דערשיינונג באצייכנט ווי אן עדיפ-קאמפלעקס, לויטן נאמען פון לעגענדארישן קעניג עדיפ, וואס האט חתונה-געהאט מיט זיין אייגענער מוטער. דער בארימטער פסיכאלאג פראפעסאר ד"ר שניאורסאן, זאגט, אז די סיבות פון אזא אפנייג אין די סימפאטיעס פון די קינדער דארף מען זוכן אין זייערע לעבנסבאדינגונגען, אין דער סביבה און אין דער באציאונג צו די קינדער מצד די עלטערן.

און פאקטן פון טאג-טעגלעכן לעבן באשטעטיקן די דאזיקע טעאריע. דארט וואו א קינד ווערט דערצויגן אין א סביבה פון קינדער, וואו עס פילט נישט קיין מאנגל אין שפיל און פארוויילונג, וואו עס לאנגווייליקט זיך נישט אין דער געזעלשאפט פון דערוואקסענע און וואו איינער פון די עלטערן טרייבט נישט אריבער אין זיינע צערטלעכקייט-אויסדרוקן — דארט גייען די סימפאטיעס פון די קינדער אין א נאטירלעכער ריכטונג: מיידעלעך זיינען מער צוגעבונדן צו דער מאמען און אינגעלעך זיינען מער „חבר" מיטן טאטן.

אפנייגן אין דער דאזיקער נאטירלעכער איינשטעלונג טרעפן מיר דאס רוב בא איינאיינציקע קינדער, וועלכע קענען זיך ניט שפילן פריי מיט אנדערע קינדער און וואס ליידן דעריבער פון או-

מעט און לאַנגווייל. אַזעלכע קינדער בינדן זיך מער צו צו דעם פון די עלטערן, וואָס ברענגט אַריין מיט זיין אַנוועזנהייט מער שפּיל, מער פאַרווײַלונג, מער פרייד פאַרן קינד און מער יום־טוב אין שטוב.

באַ דעם איינאיינציקן טעכטערל, וואָס פאַרברענגט דעם גאַנ־צן טאָג מיט דער פאַרנומענער און פאַרזאָרגטער מאַמען, איז דער טאַטע אַ ליבער גאַסט און אַ גאַנצער יום־טוב. די מאַמע דערעסט פאַרן טאָג, דאָ שטייט זי מיטן לעפל איבערן מויל, דאָרט לאָזט זי נישט גיין, דאָס לאָזט זי נישט טון, יענס וויל זי נישט געבן, — זי איז פאַרן קינד אָפט אַ שטערונג אין שפּיל און אַ סימבאָל פון פיל אומאָנגענעמע פליכטן, וועלכע דאָס קינד מוז אין פאַרלויף פון טאָג דערפילן.

מיט בענקשאַפט טראַכט דעריבער דאָס מיידעלע וועגן טאַטן, וואָס וועט קומען אין אָוונט און זיך שפּילן מיטן קינד, און אַ מעשהלע דערציילן, און נאָך אפשר ברענגען שפּילעכלעך אויך. און אַז דער פאָטער קומט ווערט פריילעך אין שטוב, די גאַנצע פאַ־מיליע זעצט זיך באַם טיש, דער טאַטע דערציילט עפּעס פון גאַס און מעג דאָס קינד נישט פאַרשטיין, קלינגט עס אים אויסטערליש־שיין, אינטערעסאַנט און ניי נאָך אַ גאַנצן טאָג פון לאַנגווײַלן זיך מיט דער מאַמען.

און ווען דער פאָטער שפּילט זיך נאָך מיטן קינד, דערציילט אַ מעשהלע אָדער נעמט עס אַרום אָף אַ שפּאַציר, איז דאָס מיידע־לע איבערגליקלעך. עס וועט בענקען נאָכן טאַטן מער ווי נאָך דער מאַמען.

אָבער דאָס איז אַ בענקשאַפט נאָך שפּיל און נישט עפּעס אַנ־דערש. דאָס מיידעלע איז גליקלעך מיטן פאָטערס אַנוועזנהייט, עס צאַפּלט פון פרייד באַ זיין אָנקומען און עס טרוימט וועגן אים. דאָס קינד האָט מער ליב דעם טאַטן ווי די מאַמען, זאָגן מענטשן, — אָבער דאָס איז אַ ליבע צו פרייד, אַ נאַטירלעכער דראַנג צו שפּיל, וואָס האָט אין זיך נישט קיין שום פּאַטאָלאָגישע עדיפּ־עלעמענטן, נאָר בלויז אַ נאָרמאַלע באַדערפעניש זיך צו פרייען און שפּילן.

ווען די דאָזיקע באַדערפעניש וועט אָבער באַפרידיקט ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן, ווען דאָס מיידעלע וועט פריי זיך אויסלעבן אין שפּילערייען מיט אנדערע קינדער און נישט פילן אַזוי דעם הונגער אין שפּיל, וועט עס פאַרלירן דעם איבערפלוס פון ליבע צום פאָטער און וועט צו אים האָבן די זעלבע געפילן ווי צו דער מוטער.

דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן יעדן ציטערדיקן בן־יחידל. און ווען אין אַזאַ פאַל וועט דער פאָטער זיין שטרענג, טרוקן און קאַרג אויף אַ גוט וואָרט צום קינד און די מוטער וועט אים נישט נאָר באַדינען, נאָר אויך זיך שפּילן מיט אים, וועט דאָס אינגעלע זיין מער צוגעבונדן צו דער מאַמען ווי צום טאַטן.

אינגעלעך, וואָס זיינען „פאַרליבט" אין דער מאַמען און מיידעלעך — אין טאַטן, זיינען קינדערלעך נ אָ ר מ אַ ל ע, וועלכע ווערן אָבער דערצויגן אין אומנאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָס קענען פאַרורזאַכן גאַנץ אומאַנגענעמע קאָנסעקווענצן אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון די קינדער.

קינדער דאַרפן וואָס מער זיין אין געזעלשאַפט פון קינדער, און ווען זיי וועלן פריי און נאַטירלעך זיך אויסלעבן אין זייערע צוזאַמענדיקע שפּילערייען, וועלן אויך אויף אַ נאַטירלעכן און נאָרמאַלן אופן קומען צום אויסדרוק זייערע געפילן צו די עלטערן.

## אַראָפּ מיט די פּערענעס!

קיין שום פאָלק פּעלצט נישט אזוי די קינדער ווי מיר אידן, און אף קיין שום נים-אידיש קינד משעפּעט מען נישט אָן אזוי פּיל שמאַטעס ווי אף אונזערע אידישע קינדער, וועלכע שלעפּן אף זייערע יונגע פּלייצעס נים אזוי דעם יאָך פון אידישקיים, ווי דעם יאָך פון הלבשה.

דער פּחד פאַר א „פאַרקילונג" איז בא אונז מוראדיק גרוים, און ווייל יעדע קראַנקייט ווערט צוגעשריבן דער „פאַרקילונג" קעמפט מען קעגן דער אָנשיקעניש מיט בערג קליידער, מיט וואַ־רעמע קאָלדרעס, מיט גראָבע פּערענעס און — דאָס ערגסטע — מיט פאַרמאַכטע טיר-און-פענצטער.

די אידישע פּערענע, די אויבערדעק פון פעדערן, וואָס איז נישט איבעריק היגיעניש און געזונט אפילו אין די קאַלטע לענדער, איז אוודאי נישט נוצלעך, און אפילו שעדלעך, אין אזא קלימאַט ווי אונזערער.

די פערענע האָט געקרייצט דעם ים צוזאַמען מיט די אידישע עמיגראַנטן און אויב דעם סאמאוואר האָט מען איבערגעלאָזן אין דער אַלטער היים, האָט מען אָבער די פערענע מיטגענומען, און אין א סך אידישע פאמיליעס וויקלט מען נאָך אין דעם די קינדער.

און א קינד דאַרף מען צודעקן ווארעם, אָבער אזוי אז עס זאָל אונטערן צודעק ניט שוויצן. די פיזיאָלאָגישע ווירקונג פון דעם איז אַ טעמע פאר מעדיקער, דעם דערציער אינטערעסירן אין דעם פאַל מער די פסיכישע איינפלוסן. און וועגן דעם קענען מיר זאָגן, אז אַ הייסער און שווייסיקער צודעק רייצט אומאנגענעם דאָס בלוט און צעהיצט די יונגע פאַנטאַזיע, וואָס פלאַמט זיך לייכט אויף און מאָלט אין דער פאָרשטעלונג אומגעזונטע בילדער...

אין די אַריסטאָקראַטישע שול-אינטערנאַטן פון ענגלאַנד שלאָפן די קינדער אַף שטרויזעק און דעקן זיך צו מיט לייכטע וואָלענע קאָלדרעס, וואָס זיינען גענוג אַף צו באַשיצן דעם קערפּער פון קעלט, אָבער צו לייכט און דין אַף צו שאַפן שוויים און היץ.

קינדער דאַרפן ניט שלאָפן אַפן בויך און אויך אומגעזונט איז צו שלאָפן אַפן פּלייצע. שלאָפן דאַרף מען אַפן זייט, ווי ווייט מעגלעך אויסגעצויגן, און שטענדיק מיט די הענט אַף דער קאָלדרע...

אין אַזאַ פּאָזע איז דעם קינד פיל לייכטער אויפצושטיין, זיין קערפּער ווערט נישט פארוויכט און פויל פון דער פערענע-היץ, און עס ווילט זיך אים נישט איבעריק צו ליגן אין בעט און שלאָפן.

די עלטערן, וואָס פארזעען נישט אַזעלכע „קליינטקייטן" פאַר-היטן זייערע קינדער פון א סך שלעכטע און געפערלעכע געוואוינהייטן.

צווייטער טייל:

# דאָס קינד אין שול

## קינדער אין פאַרשול-עלטער
## דאַרפן געשיקט ווערן
## אין קינדער-גאָרטן

ס'איז אַן אַלגעמיין-באַוואוסטער כּלל, אַז ווען אַ יונג קינד וועלכעס האַלט נאָך אין וואַקסן, פאַרנעמט זיך מיט שווערער פּי־זישער אַרבעט, ווירקט עס זייער אומגינסטיק אַף זיין ווייטערדי־קער אַנטוויקלונג. די ענערגיע, וועלכע דאָס קינד דאַרף אַף וואַק־סן ווערט פאַרוועדעט אַף דער אַרבעט; די קראַפט, וואָס זאַמלט זיך אָן אין יונגן קערפּער און וואָס דאַרף געבן קאַלך פאַר די ביי־נער און פלייש אפן לייב, ווערט פאַרנוצט אַף די באַוועגונגען און אָנשטרענגונגען, וועלכע דאָס קינד מאַכט דורך בײַ דער אַרבעט.

די קינדער, וואָס אַרבעטן איבער די כּוחות בלייבן דעריבער פּיזיש אומאַנטוויקלט, עס שטעלט זיך אָפּ זייער וואוקס, די אַר־בעט פרעסט אויף די לעבנס-ענערגיע, וואָס סטימולירט זייער פּיזישע און גייסטיקע אַנטוויקלונג.

דאָס איז געוועזן גערעדט געוואָרן וועגן פיזיש־שווערער אַרבעט אין פאַרמאַכטע לאָקאַלן און פאַבריקן, וואו אַ לאַנגדויערנדיקער אַר־בעטס־טאָג — וואָס שאַדט ניט די דערוואַקסענע אַרבעטער — פאַר־קריפּלט אָבער די מינדעריעריקע און שטעלט אָפּ זייער נאָר־מאַלן וואוקס.

אין די ציוויליזירטע לענדער איז דעריבער די אַרבעט פון מינדעריעריקע שטרענג פאַרבאָטן. אויך אין אונזער לאַנד איז אָנגע־נומען דאָס דאָזיקע געזעץ, און די אַרבעט פון מינדעריעריקע איז רע־גלאַמענטירט און באַגרענעצט.

אָבער דאָס הייסט נישט, אַז יעדער פיזישע אַרבעט איז נישט צוטריטלעך פאַר די קינדער. פאַרקערט, אַ קינד וואָס טוט גאָר־נישט, וואָס באַוועגט זיך ווייניק, ווערט נאָר באַוואַקסן מיט שמאַלץ, אָבער נישט מיט קיין קראַפט. אַ יונגער קערפּער דאַרף האָבן באַוועגונג און אַרבעט, כדי אַלע זיינע אָרגאַנען זאָלן זיך אַנטוויקלען נאָרמאַל און כדי עס זאָל פאַרקומען אַ נאָרמאַלער און אינטענסיווער שטאָפן־אויסטויש אינעם יונגן קערפּער.

שעדלעך איז נאָר די פיזישע אַרבעט איבער די כוחות פונעם יונגן אָרגאַניזם, וואָס פאַרמאָגט נאָך נישט דעם אויסדויער פון אַ פאַרהאַרטעוועטן און אויסגעפּרואווטן קערפּער פון אַ דער־וואַקסענעם.

און פונקט ווי עס איז שעדלעך איבערצומידן אַ יונג קינד מיט פיזישער אַרבעט, אַזוי איז אויך געפערלעך פריצייטיק צו באַלאַסטן דאָס קינד מיט צו שווערער גייסטיקער אַרבעט. אויך די אָרגאַנען, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט גייסטיקער טעטיקייט דאַרפן בהדרגה־דיק צוגעוואוינט ווערן צו דערפילן זייערע פונקציעס, און דאַרפן נישט באַשווערט ווערן מיט אַן אַרבעט איבער זייערע כוחות.

וויסנשאַפטלעך איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ קינד ביז זעקס יאָר דאַרף נאָך נישט לערנען, אַז זיין מוח'ל איז נאָך געװנוג שוואַך אַף צו באַנעמען דעם לימוד. דאָך זיינען דאָ עלטערן אומ־געדולדיקע, וועלכע וואָלטן געוואָלט וואָס גיכער אריינשטופּן אין זייערע פיר־און־פינעפיעריקע קינדער די תורה, און אַף געוואָלט

זיי אויסלערנען שרייבן און לייענען. אַזעלכע עלטערן זיינען שטאָלץ ווען זייערע קינדער הייבן אָן לערנען פאַר די זעקס יאָר, און זיי זיינען גליקלעך ווען זיי גיט זיך איין פאַר דער צייט אַוועק־צוזעצן זייערע מינדעריעריקע קינדער אױף דער שול־באַנק.

די קינדער האָבן פון אַזאַ לערנען אַ גאַנץ קנאַפּע פּעולה. פּריי־צייטיק כאַפּט מען קיין וויסן נישט אריין. אַ קינד ביז די זעקס יאָר דאַרף באַזוכן אַ קינדערגאָרטן; לערנען אין דעם עלטער איז נישט נאָר איבעריק, נאָר אפילו שעדלעך.

אַ נאָרמאַל קינד, נאָך די זעקס יאָר לערנט זיך אויס לייענען און שרייבן אין געציילטע חדשים. דאַקעגן אין פאַרשול־עלטער, קומט אָן דעם קינד דער לימוד זייער שווער, אַזוי פיזיש ווי אויך גייסטיק. עס איז אַן אַרבעט איבער זיינע כוחות, און מען טאָר אין דעם עלטער דעם קינדער־גאָרטן נישט פאַרבייטן אױף קיין שול און דאָס קינדער־שפּיל אױף שווערן און ערנסטן לימוד.

אָבער פון דעם אויבנגעזאָגטן דאַרף מען נישט מאַכן דעם פאַל־שן אויספיר, אַז קינדער אין פאַרשול־עלטער דאַרף מען נישט לער־נען. אדרבאָ, לערנען יאָ, אָבער נישט מיט דער סיסטעם, מיט די מעטאָדן און מיט דער פּראָגראַם, וועלכע מען ווענדעט אָן אין שול פאַר די קינדער אין שול־עלטער.

קינדער אין פאַרשול־עלטער פאָדערן אַ גאַנץ באַזונדערן צו־גאַנג. זיי דאַרף מען לערנען שפּילנדיק און דורך שפּיל אַריינפירן זיי אין דער וועלט פון פּלאַנמעסיקער און ציל־באַוואוסטער אַרבעט. אויך דער קינדער־גאָרטן פירט אױף זיין אופן און מיט זיינע מיטלען דאָס קינד צו דער שול.

אָבער דער וויכטיקסטער דערציאונגס־פאַקטאָר אינעם פאַר־שול־עלטער איז נישט דער קינדער־גאָרטן — מיר פאַרמאָגן זייער ווייניק דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון דעם מין — נאָר די שטוב, די היים, וואו דאָס קינד איז ביז זעקס יאָר אינגאַנצן אָנגעוויזן אױף דער דערציאונג פון די עלטערן, וואו עס באַקומט זיין ערשטע לעבנס־דערפאַרונג און וואו עס הייבט זיך אָן פאָרמירן זיין אינטע־לעקט, זיין כאַראַקטער, זיינע נייגונגען און זיינע געוואוינהייטן.

אויך אין שטוב דארף מען דאס קינד לערנען, אבער ניט שרייבן און לייענען, און אויב עס כאפט זיך צו א בלייפעדער זאל עס בעסער מאכן „מענטשעלעך", אבער ניט קיין אותיות. קינדער האבן ליב מעשהלעך, דארף מען זיי דערציילן און לייענען מעשה־לעך, און זינגען לידעלעך. א מעשהלע קען א קינד הערן א סך מאל ביז עס הייבט אן עס איבערדערציילן, פריער טיילווייז און נאכדעם אינגאנצן. דאס אנטוויקלט די פאנטאזיע פון קינד און שטארקט זיין זכרון.

אויך אין פארשול־עלטער, און אונטער דער אויפזיכט פון דער מוטער, דארף זיך דאס קינד צוגעוואוינען צו ריינקייט און ארדענונג; עס דארף אויסלערנען זיך אליין צו באדינען און טון אייני־קע לייכטערע שטוב־ארבעטן.

דאס איז די פראגראם פון „לימודים", וועלכע א קינד דארף דורכמאכן אין פארשול־עלטער און וועט דאס קינד מיט אזא „גיים־טיקן באגאזש" אנקומען צו די זעקס יאר אין שול, וועט עס גיך באהערשן די חכמה פון לייענען און שרייבן, און די אלע אנדערע וויסנשאפטן, וועלכע די עלטערן האבן געוואלט אריינכאפן פאר דער צייט.

## אין וועלכער טורנע זאָל מען פאַרשרייבן דאָס קינד?

עס הייבט זיך אָן אַ נײַ שול־יאָר אין די שולן, און בײַ אַ סך עלטערן שטעלט זיך די פראַגע: אין וועלכער טורנע צו פאַרשרײַבן דאָס קינד — אין דער טורנע פון אין דער פרי אָדער נאָכמיטאָג?

און ווי עס שײַנט, האָט די פרימאָרגן־טורנע גאַנץ ווייניק סימפּאַטיעס בײַ די עלטערן. די קלאַסן נאָך האַלבן טאָג זײַנען שטענדיק איבערגעפולט; דאַקעגן אַף צו שיקן די קינדער אין דער ערשטער טורנע זײַנען דאָ גאַנץ ווייניק בעלנים, סיידן עס פעלן אוים פלעצער אין די קלאַסן פון דער צווייטער.

און מאָטיוון קעגן דער פרימאָרגן־טורנע זײַנען דאָ איבער־גענוג. באַזונדערס האָבן געוואָרפן אַף איר אָן אומחן די מאַמעס.

—עס איז אַ רחמנות צו וועקן דאָס קינד אַזוי פרי, — טענהט די מאַמע.

—איך האָב נישט קיין האַרץ עס אויפצורייסן פון שלאָף, — גיט צו די מומע.

—פאַרטאָג נעמט דורך די קעלט; — זאָגט די באָבע. — נאָך

האַלבן טאָג גייט אַרוים די זון, ווערט וואַרעמער, טריקענער...

דעם טאַטן בלייבט שוין נישט מער ווי צושטימען. — אוודאי, זאָגט ער פילאָזאָפיש, נאָך אַ קורצן ישוב-הדעת. — אין די היגע ווינטער-פרימאָרגנס איז אַ רחמנות אַ הונט אפן גאַס אַרויסצו־טרייבן, נישט נאָר שיקן אַ קינד אין שול.

און נאָך אַזאַ מין פאַמיליע-באַראַטונג פון די דאָזיקע ווייב־האַרציקע און ליבע מענטשן בלייבט עס, אַז מען זאָל יאָסעלען אָדער דינעלען שיקן אין שול אריין באַטאָג, און בשום-אופן נישט אין דער פרי.

דער בעל-דבר אַליין, עס הייסט דאָס קינד, האָט בײַ דער באַראַטונג קיין וואָרט נישט געהאַט; אָבער ווען מען פרעגט אים שטימט עס מיט ביידע הענט פאַרן פאָרשלאַג פון די עלטערן און וואָלט צו די מאָטיוון פון דער מאַמען, פון דער מומען, פון דער באָבן און פון טאַטן, נאָך געקענט צוגעבן זיינע אייגענע, איבער־צייגנדיקע אַרגומענטן.

ערשטנס, וואָלט עס געהאַט צו זאָגן, אַז אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן פרימאָרגן איז אַ מחיה צו ליגן אין אַ וואַרעמען בעט און טרוימען מיט אָפענע אָדער מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַז די מאַמע זאָל מיינען אַז יאָסעלע אָדער דינעלע שלאָפט נאָך, קיין בייז אויג.

צווייטנס, איז אין דער פרי זייער שווער אַרויסצוקריכן פון אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע און פון אונטער דעם קישן, וואָס די גוטע מאַמע האָט צוגעלייגט אַף די פיסלעך, דאָס קינד זאָל זיך, חלילה, נישט פאַרקילן, אָדער נישט כאַפּן קיין צוג-ווינט.

דריטנס, איז דאָס ליגן אין בעט בכלל זייער אַן אנגענעמע באַשעפטיקונג; דאַקעגן איז דאָס ערגסטע צו שלאָפן „אפן זיי־גער", באַדאַרפן אויפשטיין צו דער מינוט און נישט קיין צייט־האָבן צו גענעצן און אַרומגיין מיט האַלב-פאַרשלאָפענע אויגן דעם פרימאָרגן אין שטוב.

און פערטנס, קען די פוילקייט געפינען נאָך צענדליקער אַר־גומענטן, וואָס דערווייזן שוואַרץ אַף וויים, אַז ליגן פאַרמאָג

אין בעט איז זייער אַ חשובע און אנגענעמע מלאכה, װעל־כע אלע פײנע און אנשטענדיקע לייט מעגן זיך עס װינטשן פאר זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

אָבער װײַל די פרימאָרגן־טורנע האָט אזוי פיל קעגנער, װעלן מיר זי פּרואװן אביסל רעאַבילירן, כדי נישט צו פאַר־שטאַרקן די פאַלשע מורא פון די עלטערן און דער עיקר — כדי ניט צו סטימולירן די פוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט פון די קינדער.

דאָס ליגן אין בעט — איז דאָס ערגסטע אומגליק פארן קינד. אין בעט דאַרף דאָס קינד שלאָפן אָבער נישט ליגן. און װען מען האָט צייט אין דער פרי, װען מען דאַרף זיך נישט איילן אין שול, —ליגט מען. די מאַמע אליין טראַכט: זאָל עס ליגן, אין שטוב איז קאַלט. און זי לייגט נאָך צו אַ פריי־געװאָרענע קאָלדרע אפן קינדס בעטל.

דאָס קינד איז זיך מחיה. אויסגעשלאָפן איז עס, און די װאַרעמ־קייט צעהיצט דאָס בלוט און דעם מוח, ליגט עס און טרוימט און טראָגט זיך נאָכדעם ארום מיט די טרוימען און מיט דער פוילקייט דעם גאַנצן טאָג, און אָפטמאָל אַפילו דאָס גאַנצע לעבן.

די װאָס פאַרברענגען זייער קינדהייט אױף אזא מין אופן, זעען אוים דערװאַקסענערהייט װי מיט אַ װאָרעם בעט אפן רוקן. דאָס בעט מיט דער מאַמעס קאָלדרע און קישנס ליגט באַ זיי װי אַ האָרב אױף די פּלייצעס; אַזעלכע מענטשן װעלן זיך גיכער צו־לייגן כאַפּן אַ דרימל װי צולייגן אַ האַנט צו אַן אַרבעט...

**אַ פוילער װערט מען נישט געבוירן, — דאָס רוב איז פוילקייט אַ רעזולטאַט פון דערציאונג און די עלטערן, װאָס לאָזן אויסבייטן די פרימאָרגן־שעהן — די שעהן פון אַרבעט און שול — אױף שעהן פון פוילע טרוימען אין בעט, טוען אַ קנאַפּע טובה זייערע קינדער.**

# צוויי שפּראַכן

אונזערע קינדער האָבן צוויי שפּראַכן, אַנדערע באַטראַכטן עס פאַר אַן אומגליק. מיר זעען אָבער אין דעם קיין געפאַר נישט. פאַרקערט, פון פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט — און אין דעם פאַל אינטערעסירט אונז די דערציערישע זייט פון דעם ענין — דערגאַנצט איין שפּראַך די צווייטע, און וואָס שפּראַכלעך רייכער עס איז אַ מענטש, אַלץ לייכטער וועט ער אויפנעמען און אַסימילירן נאָך נייע שפּראַכן.

מיר זיינען איבערהויפּט אַ פיל-שפּראַכיק פאָלק, און אין דעם פאַל זיינען מיר, מער-ווייניקער, אין דער זעלבער לאַגע ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. איין שפּראַך דאַרף אָבער ניט אַרויסשטויסן די צווייטע, נאָר זיך קאָנגזייטיק דערגאַנצן, און פּונקט ווי דאָס אידישע לעבן שליסט נישט אויס אונזערע אַלגעמיינע בירגער-פליכטן, אַזוי דאַרף אויך איין שפּראַך ניט אויסשליסן די אַנדערע אין מויל פון אונזערע קינדער.

אין די העכערע, פאַרמעגלעכע שיכטן איז, ווי באַוואוסט, די פיל־שפּראַכיקייט אַ צייכן פון „גוטן טאָן", און עס איז אין מאָדע אָנצוהייבן לערנען די קינדער פראַנצויזיש אָדער ענגליש נאָך איידער זיי הייבן אָן רעכט צו ריידן אין זייער לאַנד־שפּראַך. בא אונז איז די פיל־שפּראַכיקייט נישט קיין ענין פון מאָדע, און אָפּגעזען פון נאַציאָנאַלן מאָמענט, איז עס פון דערציערישן שטאַנדפּונקט אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר, וואָס ווירקט גינסטיק אויף דער אַלגעמיינער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אונזערע קינדער.

עס איז אָן איינגערעדטע זאַך, אַז איין שפּראַך פאַרדאַרבט די אויסשפּראַך פון דער צווייטער. אויב דאָס איז ריכטיק לגבי די עלטערע, איז עס אָבער אַבסאָלוט פאַלש אין שייכות צו די קינדער. אַ דערוואַקסענער נעמט שווער אויף אַ נייע שפּראַך און פאַרגעסט אָבער אויך שווער די אַלטע. נאָך שווערער איז איבערצונעמען און אַסימילירן אַ נייע אויסשפּראַך. קינדער פאַרמאָגן אַ אינגערן זכרון און אַ פיל לייכטערע און שנעלערע צופּאַסונגס־פעאיקייט. אַ קינד פּאַסט זיך שנעל אַריין אין אַ נייער סביבה, און ווערט אויך גיך היימיש מיט אַ נייער שפּראַך און אויסשפּראַך.

קינדער הייבן שנעל אָן צו טראַכטן און ריידן אין צוויי, און אפילו אין מער שפּראַכן, און דאָס שטערט נישט, ווי מען מיינט, זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג, נאָר פאַרקערט — פאַרברייטערט זייערע פעאיקייטן און מעגלעכקייטן, און באַרייכערט זייער שפּראַכלעכע דערפאַרונג און אינטעליגענץ.

אָפט זאָגט אָן אַ לערער אַ אידישן קינד עס זאָל אינדערהיים נישט ריידן קיין פרעמדע שפּראַך, „ווייל עס פאַרדאַרבט זיך די אויס־שפּראַך". מעגלעך, אַז דער לערער האָט דערביי די בעסטע כוונות, אָבער אין דער אידישער שטוב ווערט אַ פּאַניק און טאַטע־מאַמע, מיטן זיידן און דער באָבען, הייבן אָן ברעכן זיך די צונג און ריידן מיטן קינד די לאַנד־שפּראַך.

און אויב אין דער שפּראַך פון קינד פילט זיך ווירקלעך אַ פרעמדער אַקצענט, וועלן אַזעלכע טרייע עלטערן די לאַגע נאָר

פאַרערגערן. פאַרן קינד זיינען טאַטע-מאַמע די גרעסטע אויטאָ-ריטעטן, און עס וועט ניט ווילנדיק זיך אָנהייבן נעמען פאַר א ביי-שפּיל די מוסטערן פונעם וואַרשעווער, בריסקער אָדער כעלעמער שפּאַניש, וואָס עס וועט הערן פון דער מאַמעס אָדער פון דעם טאַטנס מויל.

די עלטערן דאַרפן מיטן קינד ריידן אידיש און מוסטערן פון אַ שיינעם און נאַטירלעכן שפּאַניש זאָל עס זיך אָפּלערנען אין שול, אין גאַס און אין דער ליטעראַטור. פונקט ווי קינדער לערנען פאַרשיידענע קענגשטאַנדן און וויסנשאַפטן, אַזוי קענען זיי און דאַרפן אויך לערנען פאַרשיידענע שפּראַכן, און צוגלייך מיט דער לאַנד-שפּראַך, די מוטער-שפּראַך—אידיש.

דאָס זיינען די צוויי שפּראַכן אַף וועלכע אונזערע קינדער אין דעם לאַנד דאַרפן זיך אויסלעבן, און זיי אויך שעצן און ליבן. ווי בירגער פון דעם לאַנד דאַרפן זיי ליבן זייער פאָטערלאַנד און ווי אידן אויך פאַרשטיין, שעצן און ליבן די גרויסע היסטאָרישע קולטור-ירושה פון זייערע עלטערן.

# שיקט די קינדער אין
# אַ אידישער שול

ווי באַוואוסט, נעמט אַרום די אידישע שול גאָר אַ קליינעם טייל אידישע קינדער. אַכציק פּראָצענט פון אונזער יוגנט באַקומט נישט קיין אידישע דערציאונג, טרעט ניט אריבער די שוועל פון א אידישער שול, און בלייבט טויב און בלינד פאר א אידיש וואָרט און פאר א אידיש בוך.

זיכער זיינען אין דעם ניט שולדיק די קינדער. זיי זיינען בלויז די קרבנות. די אמתע שולדיקע זיינען די עלטערן, און ס'איז אויך ניט פריי פון שולד די גאנצע אידישע געזעלשאפט און די אַזוי־גערופענע געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן פארשיידענע סאָציאַלע, פילאַנטראָפּישע, פינאַנציעלע און קאָאָפּעראטיווע אינסטיטוציעס, אָבער מען האָט פאַרנאַכלעסיקט און געלייגט ווייניק אויפמערקזאמקייט אף די אידישע שולן און אפן גאנצן אידישן שול־וועזן.

אונזער ישוב האַלט אוים צענדליקער און הונדערטער אינסטיטוציעס, דער גרעסטער טייל פון וועלכע זיינען איינגעאָרדנט לויט די לעצטע פאָדערונגען פון דער מאָדע און לויט די לעצטע דערגרייכונגען פון דער טעכניק. נאָר די שולן בלייבן פאריתומט, פאַרוואָרלאָזט, אַלטפרענקיש און פאַרלאָזן, ווי שטיפקינדער פון אונזער געזעלשאפטלעכקייט, וואָס איז אַזוי איניציאַטיווּפול. אונטערנעמעריש און ברייטהארציק אף אַלע געביטן, אָבער גאַנץ ווייניק אפן געביט פון דער אידישער שול.

מעגלעך, אַז די עקזיסטירנדיקע אידישע שולן באַפרידיקן נישט אַלע פאָדערונגען, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז עס הערשט אַ מוראדיקער מאַנגל אין טוער און אין מיטלען בא אַלע אידישע שולן, אַזוי וועלטלעכע ווי רעליגיעזע.

די עלטערן, וואָס האָבן געדאַרפט זיין די ערשטע אין דער אַרבעט פאַר דער אידישער שול, זיינען אַף דעם געביט דאָס רוב דווקא די לעצטע. די שול-אַרבעט פאַלט אַף געציילטע טוער, וואָס טראָגן אויס אַף זייערע פלייצעס אונזער קליין און אָרעם שול-וועזן און קאָנען אַליין פאַר אים ניט שאַפן קיין גרעסערע מעגלעכקייטן און אויך נישט קיין ברייטערן פעדאַגאָגישן שוואונג.

אין די אייראָפּעאישע לענדער איז די אידישע שול געווען אַ נאַטירלעכע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע דערשיינונג. דאָרט האָט מען פאַר דער שול קיין גרויסע פּראָפּאַגאַנדע ניט געדאַרפט פירן; זי איז דאָרט געווען אַן אינטעגראַלער און אָרגאַנישער טייל פונעם גאַנצן אידישן לעבן וואָס האָט געאָטעמט — אין אַ גרויסער מאָס — מיט דער אידישער שפּראַך און מיט דער אידישער קולטור.

אין די אַמעריקאַנישע לענדער איז פיל גרעסער דער נסיון פון אַסימילאַציע און די אידישע שול איז ניט בלויז אַ דערציאונגס-אַנשטאַלט פאַר אונזערע קינדער, נאָר איז הויפּטזאַכלעך און דער עיקר אַ קולטור-יסוד פון אידישן לעבן און אַ פונדאַמענט, וואָס באַפעסטיקט אונזער נאַציאָנאַלן קיום.

**די אידישע שול שאַפט אַ נאַטירלעכע און געזונטע פאַרבינדונג צווישן די עלטערע און אינגערע דורות, און פירט אַריין די קינדער אין דער היסטאָרישער אַטמאָספערע פון אידישן פאָלק, אין גייסט פון זיין קולטור און אין דעם אינטערעסן-קרייז פון זיין אַקטועלן לעבן.**

לערנען די קינדער אידיש, אידישע ליטעראַטור, אידישע געשיכטע, אידיש וויסן — דאָס איז אַ פליכט, וועלכע יעדער פאָטער דאַרף פאַרשטיין און דערפילן. און ווען די דאָזיקע פליכט וועט אַריינדרינגען אין באַוואוסטזיין פון די אידישע עלטערן, וועלן אויך געפונען ווערן די וועגן ווי נאָך בעסער און העכער אוועקשטעלן די אידישע שול.

# לאָמיר נישט פאַרלייקענען
# אונזער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם

די היסטאָרישע אומשטענדן אין וועלכע מיר לעבן, האָבן אויסגעבילדעט באַ אונז א נאַציאָנאַלן מינדערווערטיקייטס-געפיל, אַ מין „אינפעריאָריטעט-קאָמפּלעקס", וואָס שאַצט אונטער אונזערע מעגלעכקייטן און אונזער נאַציאָנאלע ווירדע.

דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער געווען אומברחמנותדיק פאַרפאָלגט, איז אונטערדריקט געוואָרן ניט נאָר פיזיש און מאַטעריעל, נאָר אויך גייסטיק און נאַציאָנאַל אלס אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע איינהייט מיט אַן אייגענער קולטור און מיט גרויסע קולטורעלע טראַדיציעס זייט טויזנטער יאָרן.

די שווערע באַדינגונגען פון אידישן לעבן, האָבן ניט געשאַפן קיין גינסטיקן באָדן אַף וועלכן עס זאָלן זיך פאַרוואָרצלען און צעוואקסן דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַוואוסטזיין און שטאָלץ, וואָס

איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַנדערע מלוכהש-זעלבסטשטענ־
דיקע פעלקער.

אַן ענגלענדער רעדט אַ פרעמדע שפּראַך נאָר אין אַ נויט-פאַל,
ער וויל הערן דעם קלאַנג פון זיין שפּראַך אין אַלע ווינקלען פון
ערד-קוגל. דאָס איז אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער זעלבסטליבע,
וואָס טראָגט בײַ אַנדערע פעלקער מילדערע און נאַטירלעכערע
פאָרמען. בײַ אונז איז צו מערקן אַ צווייטן עקסטרעם פון צו פיל
מוותר זיין אויף דער אייגענער נאַציאָנאַלער ווירדע, מינדערשעצן
די אייגענע שפּראַך און די אייגענע נאַציאָנאַלע און קולטורע־
לע ווערטן.

אין די צייטן פון מיטלאַלטערלעכע געטאָס, זיינען די אידן גע־
ווען אָפּגעשלאָסן פונעם אַרומיקן ניט-אידישן לעבן, און צווישן די
צוויי וועלטן איז געשטאַנען אַ הויכע און אומדורכדרינגבאַרע וואַנט
פון אומציילבאַרע רעליגיעזע דאָגמעס און קעגנזייטיקע אַבערגלויבנס.
ווער ס'איז פאַרבלענדט געוואָרן מיטן גלאַנץ פון דער ברייטער ניט־
אידישער וועלט, האָט געמוזט אינגאַנצן איבעררייסן מיטן געטאָ;
קיין בריק צווישן די צוויי וועלטן איז נישט געווען.

דער מעכטיקער וואוקס פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג,
וואָס האָט געבראַכט צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 18-טן
יאָרהונדערט, האָט צוזאַמען מיט דער באַסטיליע אויך אַראָפּגע־
טראָגן אין פיל לענדער די געטאָ-ווענט, און האָט ענגער פאַרבונ־
דן און דערנענטערט די פעלקער דורך אומציילבאַרע פעדים פון קעגנ־
זייטיקע קאָמערציעלע, אינדוסטריעלע און אויך קולטורע־
לע אינטערעסן.

דאָס אידישע געטאָ-לעבן האָט ברייט אויפגעפּראַלט די טירן
און האָט פאַרחידושט אָנגעקוקט דעם צויבער פון דער ברייטער און
פיל-צוזאָגנדיקער ניט-אידישער וועלט. די אידישע משכילים, וואָס
האָבן געוואָלט אייראָפּעאיזירן דאָס אידישע לעבן, האָבן די ערש־
טע זיך אַ ציי געטון צו די פרייע און ברייטע האָריזאָנטן, און מיטן
פּיזמון: „זיי אַ איד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס", האָבן אַ סך
פון זיי פאַרלאָזן די טראַדיציאָנעלע היימישע נעסטן.

די העכערע אידישע שיכטן האָבן, דאָס רוב, אינגאַנצן זיך „אויסגעמענטשלט״ און טיילווייז, אָדער אינגאַנצן, זיך אַסימילירט. די ברייטע אידישע פאָלקס-מאַסן, די „עם-הארצים״, וואָס זיינען דווקא געווען קנאַפּע „אידן אין שטוב״ האָבן אַף זיך איבערגענומען די בעסטע טראַדיציעס פון אידישן פאָלק און זיינען געוואָרן די טרעגער פון דער נאַציאָנאַלער קולטור; די בויער פון דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, די פאָנען-טרעגער פון דער וויטערדיקער אידישער געשיכטע.

אָבער דער „זיי אַ איד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס״ האָט זיך ווי איינגעוואָרצלט אין אונזער באַוואוסטזיין. אמת, דאָס קומט נישט ווי א באַוואוסטזיניקע און לאָגישע האנדלונג, נאָר ווי אַ מין אינסטינקטיוו שוץ-מיטל אַף זיך צו פארטיידיקן פון די אַרומיקע פיינטלעכע קרעפטן.

דער „איד אין שטוב״ מיינט שוין היינט נישט בלויז די טראַדיציאָנעל-רעליגיעזע אידישקייט, נאָר אויך די אידישע שפּראַך, דאָס אידישע בוך, די אידישע שול, די אידישע ציישונג, דאָס גאַנצע אידישע לעבן. דאָס אַלץ דאַרף, לויט דער דעה פון די דאָזיקע אינסטינקטיווע נעאָ-משכילים פאַרשטופּט ווערן אונטערן היימישן דאַך, אַז עס זאָל חלילה נישט פאַלן אין די אויגן פונעם ניט-אידישן שכן.

מען שעמט זיך מיט דער אידישער שפּראַך אין גאַס, מיט אַ אידישער ציישונג אין וואַגאָן אָדער אין שטאָטישן טראַמוויי. אַ קינד זאָגט צום פאָטער: „פּאַפּאַ, רייד צו מיר ניט קיין אידיש אין גאַס״ און דער פאָטער נעמט עס אויף ווי אַ נאַטירלעכע און לאָגישע פאָדערונג, ער וויל ניט פאַרשעמען דאָס קינד פאַר זיינע חברים און מאַטערט זיך מיט אים אויך צו ריידן שפּאַניש, אָדער אין אַ צווייטן לאַנד אין אַנדער שפּראַך, ווייל דורכוים קומט פאַר דער זעלבער פּראָצעס און די זעלבע דערשיינונג.

צווישן זיך רעדט מען נאָך דווקא אידיש. מען לייענט אידישע ציישונגען און אידישע ביכער, מען שיקט נאָך אַפילו די קינדער אין אידישע שולן, אָבער קיין באַציאונג צו זיך איז נישטאָ, עס איז נישט צו פילן קיין שטאָלץ מיטן אייגענעם — זאָל זיין באַ-

שיידענעם, אָבער דאָך אייגענעם — נאַציאָנאַלן פּאַרמעגן.

עס ווערט געמערקט אַ טענדענץ, וואָס טיפער צו באַהאַלטן דעם נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם, מען זאָל ניט אַרויסשמעקן די אידישע אָנגעהעריקייט, עס זאָל זיך נישט אַרויסזען דער אידישער שטאַם. דייטשלאַנד האָט אָבער באַוויזן, אַז קיין תרופה צו אַנטיסעמיטיזם איז עס נישט. די דייטשע אידן זיינען געוועזן הונדערטפּראָצענטי־קע דייטשן נישט נאָר אין גאַס, נאָר אויך אין שטוב און דאָך האָט זיי נישט אויסגעמיטן די ראַסן־פאַרפאָלגונג.

עס איז אמת, אַז היינט טראָגט אַף זיך יעדער יחיד אַ נאַ־ציאָנאַלע אַחריות און מוז זיך אויפפירן אַזוי, אַז זיינע האַנדלונגען זאָלן ניט אַרויסרופן קיין ביטול אָדער קיין צאָרן פון די אַרומיקע שכנים, וועלכע זיינען געניוויגט אין אונזער צייט, צו פאַראַלגעמיי־נערן יעדן טאַט פון יחיד אַפן גאַנצן כלל, אַפן גאַנצן אידישן פאָלק.

און אַזוי דאַרפן מיר דערציען אונזער יוגנט: אין ליבע צו אונ־זער גרויסער נאַציאָנאַלער קולטור, אין ליבע צו אונזער פאָלקס־שפּראַך, אין שטאָלץ צו אונזער טויזנט־יאָריקער געשיכטע און אין געפיל פון נאַציאָנאַלער אַחריות אַלס בירגער פון דעם לאַנד, אין וועלכן מיר לעבן, און אַלס קינדער פון דעם פאָלק פון וועלכן מיר שטאַמען.

# אַ וואָרט צו די מאַמעס

אָט קומט אַ מיידעלע אין שול, אַ שיין קליין מיידעלע. דאָס קינד זעט אויס ווי אַ גראָב פּעסעלע אף פּיסלעך, אָבער נישט אַזוי פון איר אייגענער גרעב ווי פון די סוועטערלעך און לייבעלעך אין וועלכע די מאַמע האָט זי איינגעוויקלט. סאיז קאַלט, און די מאַמע, די הארציקע און טרייע אידישע מאַמע, זאָל געזונט זיין, האָט איר מיידעלע געוואָלט פארהיטן פון אַ פארקילונג, און זי גוט און וואַרעם אָנגעטון.

אויך זעקעלעך טראָגט דאָס מיידעלע לאנגע, ביז די קני און נישט ווי אַלע קינדער, וואָס בלייבן, נעבעך, מיט נאַקעטע פּיסלעך. שיכעלעך טראָגט עס וואַרעמע, אינעווייניק אויסגעבעטע מיט פוטער און אף די הענטעלעך האָט דאָס מיידעלע הענטשקעלעך — אַ מתּנה פון דער אידישער מאַמעס מאַמען — פון דער באָבען, וואָס האָט זיי מיט די אייגענע הענט אויסגעשטריקט.

פינף מאָל איז די מאַמע ארוים אפן גאַס און האָט געקוקט אפן

הימל, האָט געשמעקט די לופט און האָט געטאַפּט די ווענט, ביז זי האָט באַשטימט, וואָס זי זאָל היינט אָנטאָן איר מיידעלע. און אַזוי טראַכטנדיק ווי בעסער צו פאַרפּאַנצערן דאָס קינד קעגן אַ „ווינטעלע" האָט די מאַמע פאַרגעסן מיטצוגעבן דעם מיידעלע אַ טיכעלע.

ווען ס'איז געקומען צום שלייפעלע אין די האָר איז שוין געווען שפּעט. און ווער דאַרף דען שלייפעלעך? אַ שלייפל מאַכט דאָך נישט וואַרעמער אין קעפּל, האָט אים די מאַמע אויף גיך געגעבן אַ דריי, האָט געמאַכט אַ פּאָר קניפּן און דאָס שלייפל איז געבליבן שטעקן ווי אַ פּערדיש עקעלע אויף די האַלב־צעפּאַטלטע הערעלעך.

—ענדלעך „ארויסגעפּראַוואַדיעט", גיי געזונט און קום געזונט, —שעפּטשען דער מאַמעס ליפּן. איר מאַמישע האַרץ איז רואיק, זי האָט אַליין געטון וואָס אַ אידישע מאַמע דאַרף טון, און ווייטער האָבן מיר אַ גרויסן גאָט אין הימל.

דאָס קינד איז אָבער נישט אינגאַנצן רואיק. פון צייט צו צייט פאַרפּאָרט עס מיט די פינגערלעך אין קעפּל און קראַצט מיט גרויס פאַרגעניגן. דאָס שלייפל איז שוין אַראָפּ אויף אַ זייט און פונעם שרינטל איז קיין סימן געבליבן.

ס'איז היינט ווינטער, וואַשט די מאַמע דאָס קינד נישט אַזוי אָפט — מען קען עס נאָך חלילה פאַרקילן. זומער צוואָגט מען טאַקע דאָס שיינע קעפּעלע אַלע וואָך, אָבער ווינטער? — מען דאַרף דאָך האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן אויף צו וואַשן דאָס קינד אין אַזעלכע קעלטן...

אַ מאַמעס האַרץ איז ניט אָפּצושאַצן. האָט שוין דאָס מיידעלע אַ גאַנצן „פּלאַד" אין קעפּל און פון צייט צו צייט דערפילט זי אויך אַ בים אונטערן פינפטן לייבל. אָבער אהין קען זי זיך נישט דערלאַנגען מיט אירע שוואַכע פינגערלעך און דרייט זיך נאָר אומבאַהאָלפן.

דאָס מיידעלע איז דענערווירט. צו די לימודים, ווי צו דער גאַנצער אויסערלעכער וועלט, ווייזט זי אַרויס אַ קנאַפּן אינטערעס,

ווייל איר אויפמערקזאַמקייט איז געווענדעט צו די „אינערלעכע שונאים”, וואָס לאָזן זי נישט רוען. און אייגן העמד איז נענטער צום לייב, און אויב דאָס העמד איז נישט איבעריק ריין, צווינגט זי נאָך מען זאָל וועגן איר טראַכטן.

ווישט דאָס מיידעלע איר נעזל מיטן אַרבל, באַם לויפן ווערט עס גיך פאַרשוויצט און פילט אָפּן לייב ווי אַ באַריר פון קלעפּיקע און בייסיקע פינגער. קומט דאָס קינד אַהיים רויט, אָנגעבלאָזן, נערוועז און אויפגערעגט...

איז די מאַמע אַ שלעכטע? — חלילה! אַ אידישע מאַמע קען גאָר נישט זיין שלעכט. זי האָט איר קינד קיין רעה נישט געמיינט, נאָר וואָס דען? זי האָט אַ צו גרויסע מורא פאַר אַ פאַרקילונג און אַ צו קנאַפּן חוש פאַר ריינלעכקייט און שיינקייט. ס'איז אַ רעזול־טאַט פון אונזער דורות־לאַנגן געטאָ־לעבן. אין דער אָרעמ־קייט פון די אידישע קליין־שטעטלעך איז מען אַמאָל ניט געווען שטאַרק איבערקלייבעריש אַף אַזעלכע זאַכן; דאַקעגן אין דער גרויסער שטאָט איז מען שטאַרק עמפּפינדלעך אָפּן אויסערלעכן פּוץ, און וואָס שייך היגיענע מוז מען אין די געדיכט־באַפעלקערטע שטעט זיין באַזונדערס אָפּגעהיט און פאָרזיכטיק.

אַ קינד דאַרף מען אָנטאָן וואַרעם, אָבער נישט צום שוויצן און נישט ביז חוזק. זאָקן ביז די קני וועלן דאָס קינד נישט ראַטעווען פון אַ פאַרקילונג און אָן איבעריק לייבעלע קען ברענגען מער שאַדן ווי נוצן. וואָס שייך דעם שלייפל גיט ער צו די קינדערלעך אַ גאַנץ באַזונדערן חן און אַ טיכעלע איז דאָך אוודאי און אוודאי נייטיק...

אין דער שמוציקייט און אָפּגעלאָזנקייט פון די קינדער זיינען ניט שטענדיק שולדיק די באַדינגונגען, און די מאַמעס דאַרפן גוט וויסן, אַז קינדער דאַרפן קומען אין שול אויסגעצוואָגענע, גוט גע־וואַשענע, מיט ריינע אויערן, מיט אָפּגעשאָרענע נעגל און נישט נאָר מיט ריינע, נאָר אויך מיט גוט־געפּרעסטע כאַלאַטלעך...

לאָמיר זיך טרייסטן, אַז אַזעלכע אַלטפּרענקישע און אָפּגעלאָזע־נע מאַמעס דאַרף מען היינט זוכן מיט ליכט. אָבער עס שאַדט נישט, אַז אַלע מאַמעס זאָלן גוט וויסן, אַז קינדער ריינע און היגיענישע לערנען בעסער, זיינען שענער און געזינטער.

# ווען דאָס קינד לערנט זיך שלעכט

גרוים איז די שמחה צו פירן אַ קינד דאָס ערשטע מאָל אין שול . טאַטע־מאַמע לעבן איבער אַ טיפע פרייד, אַ שטילן אָבער פריידיקן יום־טוב אין לעבן. אַט נישט לאַנג איז עס געווען אַזאַ אומבאַהאָלפן ברעקל, געלעגן בײַ דער מאַמעס ברוסט, און איצט איז עס שוין אַ גאַנץ „מענטשעלע", — מען פירט עס שוין אין שול.

דאָס ווייסע כאַלאַטל, וואָס מען טוט אָן דעם נייעם שילער, פאַרשאַפט אפשר די טאַטעס און מאַמעס מער פאַרגעניגן ווי די קינדער. אייניקע פאַרגלייכן דעם מאָמענט פון פירן דאָס קינד צום ערשטן מאָל אין שול צו דער שמחה, וואָס דערוועקט זיך בײַ די עלטערן בײַם פירן אַ קינד צו דער חופה.

עס איז אָביסל אַ געוואַגטער פאַרגלייך. אָבער מיט דער שול זיינען פאַרבונדן די אינטימסטע טרוימען און האָפענונגען פון טאַ־טע־מאַמע, וואָס ווילן מאַכן זייערע קינדער פאַר „מענטשן", וועל־כע זאָלן מיט זייער וויסן און בילדונג פאַרזיכערן נישט נאָר זייער

איינעם גליק, נאָר אויך פאַרשאַפן נחת, כבוד און פרייד זייערע עלטערן.

אָבער די פרייד פון ערשטן שול-טאָג האַלט אָן נישט לאַנג. באַם קינד ווערט עס אַ נאַטירלעכע, טאָג-טעגלעכע דערשיינונג, אַ געוואוינהייט, אַ מין „מוז", וועלכן עס דאַרף טעגלעך דערפילן. אייניקע קינדער דערפילן די פליכט זייער גערן; אַנדערע טוען עס מער געצוואונגען. די שול ווערט אָבער אַ לעבנס-נויטווענדיקייט אַזוי פאַר די קינדער ווי אויך פאַר די עלטערן.

ווען טאַטע-מאַמע זיינען אָבער פאַרנומען מיט דאגות-פּרנסה, ווען מען איז פאַרהאָרעוועט און פאַרהאַוועט באַ דער אַרבעט אָדער באַם געשעפט, איז פּשוט נישטאָ קיין צייט, און עס ליגט נישט אין זינען נאָכצופאָלגן די אַרבעט און די דערפאָלגן פון קינד אין דער שול.

אַ סך עלטערן באַגנוגענען זיך דאָס רוב מיטן אריינקוקן יעדן מאָנאַט צום קינד אין נאָטיץ-ביכל, און דערמיט זיינען זיי יוצא. באַקומט דאָס קינד גוטע אָפּצייכענונגען, איז דאָך אוודאי גוט, — שרייבט מען אונטער דאָס ביכל און ס'איז דערפילט די שול-פליכט צום קינד אָף אַ גאַנצן קיילעכדיקן חודש. אָן אַליאַרעם הייבט זיך אויף נאָר דאַן ווען דאָס קינד באַקומט שלעכטע אָפּצייכענונגען. אין אַזאַ פאַל גייט דאָס רוב די רעאַקציע פון די עלטערן אין די פאָלגנדיקע צוויי ריכטונגען:

ערשטנס, כאַפּט דאָס קינד אריין אַ פאַרציע מוסר פון דער מאַמען, וואָס דערוויזט אים מיט אותות ומופתים, ווי גוט עס איז ווען מען לערנט זיך, ווי וואויל עס איז ווען מען ענדיקט גוט די שול, און ווי נוצלעך עס איז צו האָבן בילדונג און דאָס גלייכן. אַ טאַטע קען זיך אַמאָל נישט באַגנוגענען מיט ווערטער און איבערגיין צו מעשים און מיט שלאָג-אַרגומענטן פאַרברייטערן דער מאַמעס טענות.

דאָס איז די ווירקונג אָפן קינד. צווייטנס, גייט די אינטערווענץ פון די עלטערן אין שול. זייער זעלטן קומט אָפּ דער טאַטע

אָדער די מאַמע מיט אַ בלויזער אינפאָרמע באַם לערער. ס'טרעפט, אַז אייניקע גייסטרייכע מאַמעס פאַלן אַף אַן איינפאַל און קוקן אַריין אין די העפטן פון דער שכנהס קינדער און געפינען דאָרט אויס, אַז יענע קינדער שרייבן נאָך ערגער און דאָך האָבן זיי יאָ באַקומען גוטע אָפּצייכענונגען פונעם זעלבן לערער אָדער פון דער זעלבער לערערקע. עס הייבט זיך אָן אין אַזאַ פאַל אַ סדרה באַקלאָגענישן, און עס פילט זיך געקריוודעט די מאַמע און אויך פילט זיך באַעוולהט און דערשלאָגן דאָס קינד.

אַזאַ רעאַקציע פון די עלטערן גיט דאָס רוב נישט קיין פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. ריידן און אויפקלערן דעם קינד דאַרף מען, אָבער בשום אופן ניט שרעקן, ניט דראָען און ניט שלאָגן. מוסר און קלעפּ קענען אַמאָל גיכער אַרויסשלאָגן דעם חשק צו לערנען, ווי אַרויסקלאַפּן די פוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט. מען מוז שטודירן און אויסגעפינען די סיבות פון דער אָפּגעשטאַנענקייט באַם קינד. מעגלעך, אַז די אמתע סיבה פון די שלעכטע אָפּצייכענונגען איז די איינגעבוירענע אומפעאיקייט אָדער אַנדערע סיבות, וואָס זיינען פון קינד גאָרניט אָפּהענגיק; אין אַזאַ פאַל קענען מוסר און קלעפּ אוודאי ווייניק וואָס העלפן.

מען דאַרף פון קינד נישט פאַרלאַנגען מער וויפל עס קען געבן, אָבער אויך נישט ווייניקער. עס דאַרף דערפילן זיינע פליכטן צו דער שול און מיטגיין מיטן קלאַס. דאָס קען באַ אַ געוויסער אָנשטרענגונג באַווייזן יעדער דורכשניטלעכער שילער. מיר האַלטן, אַז עס איז אויך נישטאָ קיין גרונט חושד צו זיין, אַז די לערער זיינען נישט געווען אָביעקטיוו אין זייער באַציאונג צו די קינדער. אין דעם פאַל קענען גיכער זיין נישט-אָביעקטיוו די עלטערן, וועלכע זיינען גענויגט צו זען באַ זייערע קינדער מער מעלות ווי חסרונות.

אַ קינד וואָס שטייט אָפּ פון קלאַס, וואָס לערנט זיך שלעכט, פאָדערט אַ סך אויפמערקזאַמקייט. ווען דער טערמאָמעטער ווייזט היץ באַם קינד וועט קיינעם ניט איינפאַלן צו באַשטראָפן דעם קראַנ-

קן אָדער באַשולדיקן דעם דאָקטער. דאָס זעלבע איז מיט די אָפּציי־
בענונגען פון לערער. אַ קינד מיט שוואַכע פעאיקייטן דארף מען
צוגעבן מוט, העלפן, סטימולירן און שטאַרקן דעם גלויבן אין זיינע
אייגענע כוחות — אָן וועלכע עס איז אומעגלעך יעדער גייסטיקער
פאָרשריט.

## פאַרוואָס האָבן אייניקע קינדער
## ניט קיין חשק צום לערנען?

אייניקע קינדער גייען זייער גערן אין שול, לערנען מיט חשק און פאַרשאַפן אַ סך פרייד די עלטערן און באַפרידיקן אויך די לע־רער. פאַר אַנדערע דאַקעגן — איז די שול אַן אמתע אַפּקומעניש און דאָס לערנען אַ פּיין. אַזעלכע שילער ליידן אליין, פאַרשאַפן געענוג קאָפּ־דרייעניש די לערער, און אַ סך זאָרג און האַרצווייטיק זייערע עלטערן.

געוויינטלעך פּרוואוט מען פאַרטרייבן דעם אומווילן צו לערנען מיט אַ גאַנצער רייע „היימישע מיטלען", מיט מוסר און דראָונגען. אָפט העלפן אַזעלכע מיטלען אויך. און איבערהויפּט אין דער ער־שטער צייט, ווען דער אומווילן צום לערנען איז נאָך נישט געוואָרן כראָניש, און האָט נאָך נישט באַוויזן טיף זיך איינצוועסן אין דער פּסיכיק פון קינד און קאַליע מאַכן די קינדערשע נשמה.

אָבער זייער שלעכט איז ווען מען ראַרף איבער די קינדער שטיין מיט אַ בייטש, זיי טרייבן מיט שטעקנס אין שול און זיי אונ־טעריאָגן, דערמאָנען און מונטערן באַ די לעקציעס.

מען דארף געפינען נאטירלעכערע און וויסנשאפטלעך-מער־בארעכטיקטע מיטלען כדי צו ווירקן אף די קינדער, וועלכע האבן פארלוירן דעם אפעטיט, דעם ווילן און דעם אינטערעס צום לערנען.

**ווייל דער אומווילן צום לערנען איז אויך א קראנקייט, וועלכע קען האבן פיזישע און פסיכישע סיבות, און אזוי לאנג מען געפינט נישט אויס די דאזיקע סיבות, איז אומעגלעך אונטערצונעמען א פראקטישע און ווירקזאמע היילונג.**

יעדעס קינד, ווי שלעכט און נאריש עס זאל נישט זיין, וואלט געוואלט זיך אויסצייכענען, פארדינען ליוב פון די לערער, באוואונדערונג פון די מיטשילער און ליבע פון די עלטערן.

אויך דער מאמעס מוסר־דרשות אדער דעם טאטנס קלעפ מוזן קיין איין קינד קיין פארגעניגן ניט פארשאפן, און אויב עס שטעלט זיך דאך אויס אף די אלע געפארן און אומאנגענעמלעכקייטן איז א סימן, אז דאס קינד שטויסט זיך אן אף גרויסע אינערלעכע אדער אויסערלעכע שוועריקייטן, וועלכע עס איז נישט אומשטאנד בייצוקומען מיט זיינע אייגענע שוואכע כוחות, און דעריבער דארף מען עס ניט אונטערשמייסן אדער מוסרן—נאר ארויסהעלפן, און זיך באמיען צו פארלייכטערן די שול־„לאסט”, אויב זי פאלט צו שווער אפן קינד.

ווען א פאטער זאגט: „דאס קינד וויל ניט לערנען” — איז אזא דיאגנאז נאך זייער א מאנגלהאפטער און נישט קיין פולער. צו אזא מחלה איז נאך נישטא קיין רפואה, וואס זאל גוט זיין אין אלע פאלן און פאר יעדן חולה.

מען מוז אויסגעפינען די סיבות, וואס האבן פארורזאכט אזא מין אנארמאלע דערשיינונג, און אף אייניקע מעגלעכע סיבות וועלן מיר אנווייזן.

## וועלכע קינדער לערנען זיך שלעכט?

ערשטנס, איז מעגלעך, אז דאָס קינד איז ווירקלעך פויל, צע־שטרייט, פארטון אין שפּיל און צעטראָגן. אין אזא פאל איז יאָ נייטיק איינצושטעלן א געוויסע דיסציפּלין, אָבער בשום אופן ניט אָפּרייסן דאָס קינד פון זיינע באַליבטע שפּילערייען און פארוויי־לונגען. אף אַלץ דארף זיין צייט: אַ צייט אף לערנען, אָבער אויך אַ צייט צום שפּילן.

די מאָדערנע שול איז נישט קיין תפיסה, וואָס רויבט אַוועק באָם קינד זיין גאנצע פרייהייט, און דאָס לערנען און מאַכן די לעק־ציעס דארף נישט זיין קיין אָפּקומעניש, וואָס זאָל באָם קינד איינ־גאנצן צונעמען זיין צייט פון שפּיל.

דער קנאַפּער חשק צום לערנען באַ איינִיקע שילער איז אָפט טאַקע אַ רעזולטאַט פון דעם צו פיל איינקנעלן, און פון דער צו גרוי־סער איבערמידונג באַ די לעקציעס אָן אָפּרו און אָן איבעררייס אין משך פון אַ לענגערער צייט.

נאָך אָן אָפּרו ארבעט זיך געשמאַקער, לייכטער און שנעלער.

די הפסקות אין שול, וואָס קומען נאָך יעדער לעקציע פון פינף און פערציק אָדער פופציק מינוט, זיינען אַ ברכה פאַרן לימוד און נאָך מער פאַר די שילער. אין שטוב קען נישט איינגעפירט ווערן קיין סיסטעם פון פויזעס און די מאַמע, אָדער דער טאַטע קוקן נישט אַפן זייגער און האַלטן נישט קיין גלעקל. **אָבער די עלטערן דאַרפן דאָך וויסן, אַז נאָך דער אַרבעט קומט אַן אָפּרו, און נאָך די לעקציעס האָט דאָס קינד כשר פאַרדינט זיין צייט פון שפּיל.**

פוילקייט קען אויך זיין אַ רעזולטאַט פון געוויסע פיזישע און פסיכישע דעפעקטן, וועלכע מען קען היילן, אָבער נישט אַרומלאָפן מיט קיין שמיץ.

קינדער בלוט־אָרעמע, פיזיש־אָפּגעשוואַכטע, קראַנקע און שלעכט־דערנערטע, קענען בכלל נישט האָבן קיין באַזונדערס־שטאַרקן חשק צו פיזישער און גייסטיקער טעטיקייט, און קענען אויך נישט אויסהאַלטן קיין לענגערע אינטעלעקטועלע אָנשטרענגונג נישט אין שול און אויך נישט אין דער היים.

צו דער קאַטעגאָריע פון „שלעכטע" שילער דאַרפן, אין דער ערשטער ריי, אויך צוגערעכנט ווערן די אַלע קינדער מיט שוועריע אויפנאַמס - פעאיקייטן, מיט אַ לאַנגזאַמער אָריענטאַציע און מיט אַ שלעכטן זכרון, וועלכע באַנעמען נישט וואָס מען זאָגט זיי אין שול און וואָס מוזן, נעבעך, שווער און לאַנג האָרעווען אין דער היים ביז זיי נעמען עפּעס אַריין אין זייערע שוועריע און האַרטע קעפּלעך.

פאָדערט מען פון אַזעלכע קינדער מער וויפל זיי קענען גיבן, מער וויפל זייערע נאַטירלעכע פעאיקייטן קענען באַווייזן, פאַרלירן זיי אינגאַנצן דעם חשק צו דער שול און דאָס לערנען ווערט בײַ זיי אַ שווערע אָפּקומעניש, וואָס פאַרשאַפט זיי פיזישע און גייסטיקע ליידן.

**מיט אַזעלכע קינדער דאַרף מען אומגיין פאָרזיכטיק און נישט אונטערטרייבן נאָר אַרויסהעלפן און סטימולירן. דאָס מוסרן און ברענגען פאַר אַ ביישפּיל אַנדערע פעאיקערע קינדער וועט בײַ אַזעלכע שילער נאָר אָפּשלאָגן דעם מוט און בײַ זיי אַנטוויקלען דעם מינדערווערטיקייט־געפיל: דעם גלויבן אַז די אַרבעט אָדער דאָס**

**לערנען איז איבער זייערע כוחות, און אז זיי וועלן שוין במילא דאָס נישט באַנעמען, און במילא נישט דערגרייכן...**

אויך דער רייפקייט-פעריאָד, וואָס פאַלט אויס בא אינגלעך אומגעפער צו די 13—14 יאָר און בא מיידלעך צו 12—13, באַווירקט שטאַרק די גייסטיקע פעאיקייטן פון די קינדער.

אין דער דאָזיקער איבערגאַנג-צייט, אין וועלכער עס אַנטוויקלען זיך אייניקע אינערלעכע דריזן און עס וואַקסט דער גאַנצער אָרגאַניזם, ווערט ווי געהאַמעוועט און אָפּגעשטעלט די גייסטיקע אַנטוויקלונג און אייניקע קינדער, וואָס האָבן ביזן רייפקייט-פעריאָד זיך אויסגעצייכנט מיט זייער התמדה און פליים ווערן פּלוצים צעשטרייט, פויל, אָפּגעלאָזן און הייבן אָן אָפּשטיין אין אַלע לימודים. אָבער דער דאָזיקער צייטווייליקער אינטעלעקטועלער צוריקטריט און דער פאַרלוסט פון דער גייסטיקער ענערגיע, וואָס ווערט אויפגעפרעסן דורכן ראַשן פיזישן וואוקס, האַלט אָן בערך ניט לאַנג. עס קומט נאָכדעם דעם גייסטיקער גלייכגעוויכט, און נאָך דעם איבערברוך-פעריאָד צעבליען זיך מיט אַ פרישער קראַפט אַלע גייסטיקע פעאיקייטן פונעם יוגנטלעכן, וואָס איז שוין נישט מער קיין קינד און וואָס ווערט געזעצטער, זעלבסטשטענדיקער און ערנסטער אין זיין אָפּשאַצונג פון זאַכן און אויך אין זיין באַציאונג צו דער שול און צום לערנען.

# חוזקט נישט פון קיין קינדער

יעדער קלאַס האָט זיין פּראָגראַם פון לימודים, וואָס איז באַשטימט פאַר אַלע שילער גלייך, אָן אונטערשייד פון זייערע פעאיקייטן און מעגלעכקייטן. אָבער יעדעס קינד איז אַ וועלטל פאַר זיך, און איין שילער איז אַנדערש פון אַנדערן נישט נאָר אין זיין אויסערלעכן אויסזען, נאָר אויך אין זיין אינערלעכן וועזן, אין זיין אינטעלעקט, אין זיין באַנעמונג, אין זיינע געדאַנקען און געפילן.

דאָס וואָס פאַר איין שילער איז לייכט, גוט און קלאָר, קען גראָד פאַרן צווייטן זיין שווער, שלעכט און אומפאַרשטענדלעך. איינעם קען אינטערעסירן איין קעגנשטאַנד און אַ צווייטער ווייזט אַרויס אַ נייגונג צו עפּעס אַנדערש.

איינער באַנעמט אַן ענין באַלד, אָריענטירט זיך שנעל, ענטפערט גלייך און פאַרדינט לויב פונעם לערער און באַוואונדערונג

פון די שילער. בא א צווייטן, באוועגן זיך די געדאנקען לאנגזאם, ווי א וואגן אין בלאטע און אף זיינע ענטפערס אין קלאס באקומט ער אפט א חוזק־שמייכל, אויב ניט פונעם לערער, איז פון די שילער.

און אט אין דעם איז אפטמאל פארבארגן די סיבה, פארוואס אייניקע שילער האבן געווארפן אן אומהן אף דער שול און אפן לערנען.

פאר אן עמפפינדלעך קינד איז א חוזק־שמייכל ערגער ווי דער שווערסטער קלאפ, און ווערט עס אויסגעלאכט, פארוואונדעט עס זיין צארטע קינדערשע נשמה און עס ווערט אים נישט ליב דאס לערנען און די גאנצע שול.

קינדער קאנען זיין ברוטאל און עגאיסטיש. דאס געפיל פון אלטרואיזם, פון מיטגעפיל, פון פארשטענדעניש פאר פרעמדן צער איז בא זיי נאך שוואך אנטוויקלט. פארשאפט זיי דאס חוזקן אי־בער א חבר'ל פארגעניגן, פארוואנדלען זיי עס אין א שפיל און פאר־ווילן זיך מיט זיינע ליידן.

עס טרעפט, אז אייניקע קינדער ווערן פארשטויסן דורך זייע־רע אייגענע חברימלעך און נישט ארייגגענומען אין זייערע אלגע־מיינע שפילערייען. פאר אזעלכע אומגליקלעכע איז די שול אן אמתער אומגליק און יעדער טאג א פיין, וואס פארביטערט זיי דאס לערנען און דאס גאנצע לעבן.

אונזערע שולן זיינען לערן־אנשטאלטן, וואס שטעלן זיך, דאס רוב, נישט קיין דערציאונגס־אויפגאבן און דער לערער, וואס האט אונטער זיין אויפזיכט א דרייסיק אדער פערציק שילער, און וואס מוז דער עיקר אין זינען האבן די פראגראם, דאס לערנען, איז פשוט ניט אומשטאנד צו באאבאכטן און ארייגדרינגען אין די נשמה־אייגנשאפטן פון יעדן קינד באזונדער.

די צונעמענישן מיט וועלכע מען באטיטלט אייניקע קינדער, ווערן אויך נישט דורך אלעמען גלייך פארטראגן. און ס'טרעפט גאנץ אפט, אז שילער טשעפען אן א וואסערן נישט איז צונאמען אף זייערן א חבר'ל, און ווען דאס קינד איז עמפפינדלעך און פרו־בירט זיך ווערן און קעמפן מיט זיינע באליידיקער, ווערט דאס

באַ די קינדער אַ שפּיל, און זיי הערן ניט אויף מיט אים זיך צו רייצן.

די שילער גופא קענען אמאָל פארביטערן דאָס לעבן פון זייערן אַ חברל און ווען עס אינטערוועניִרן נישט באַצייטנס די עלטערן אָדער דער לערער, וועט אַזאַ קינד אָפּשטיין אין די לימודים אָדער זיך אָפּשליסן אין־זיך און זוכן — אין בעסטן פאַל — אַ רעטונג אין לייענען און אַ באַהעלטעניש אין די ביכער.

# די היים דאַרף שטיין אין
# פאַרבינדונג מיט דער שול

די גרעסטע קונסט, — איז די קונסט פון אומגיין מיט מענטשן, און הגם יעדער מענטש לעבט אין אַ געזעלשאַפט פון זיינע מיט־מענטשן, באַזיצט אָבער נישט יעדער איינער די דאָזיקע וואונדער־באַרע און אלערהעכסטע חכמה.

און אומגיין מיט קינדער איז נישט לייכטער ווי פארקערן, זיך אימפּאָנירן, זיך איינלעבן און געוויינען דעם צוטרוי פון דערוואקסענע.

אַ קלאַס מיט קינדער איז ווי א וועלט מיט וועלטעלעך, וואו יעדעס קינד איז אַ וועלטל פאַר זיך, וואָס דרייט זיך אין זיין אייגע־נער אָרביטע און באַוועגט זיך לויט זיינע אייגענע פּסיכישע, גיים־טיקע און פיזישע מעגלעכקייטן, געוואוינהייטן און נייגונגען.

אין די היינטיקע שולן, און אפילו אין די בעסערע פון זיי, ווערט נאָך ווייט נישט אָנגעווענדעט דער פּרינציפּ פון אינדיווידוע־לער דערציאונג און דעם לערער ווערט נישט געגעבן קיין מעגלעכ־קייט — ווי מיר האָבן אויבן געזאָגט — ארייננצודרינגען אין דער נשמה פון יעדן קינד באַזונדער.

קינדער צעפּיעשטשעטע פון דער היים וואָלטן געוואָלט, אַז מען זאָל זיי אויך רימען און לויבן אין קלאַס און ווען דער לערער צאַצקעט זיך נישט מיט זיי, ווי די מאַמע, ווערט זיי נמאס די שול און זיי פאַרלירן דעם חשק צום לערנען.

קינדער מיט אַ קרענקלעכער עמפּפינדלעכקייט פילן זיך גע־טראָפן פון לערערס יעדן העכערן טאָן און זיי רעאַגירן אויף יעדן איינדרוק, וואָס טרייסלט אויף זייערע נערוון, און קענען זיך גאָר־ניט באַרואיקן און נישט פאַרגעסן ביז מען בעט זיי איבער.

עס זיינען דאָ קינדער מיט אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן קנאה־געפיל, אָדער מיט אַן אויפגעשרויפטער אייגנליבע, וואָס מיינען, אַז שטענ־דיק ווערן זיי באַ׳עוולהט און נישט געגונג אָפּגעשאַצט.

די אַלע אויסגערעכנטע און נאָך פיל אַנדערע פאַקטאָרן, טייל פון וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט אין די פריערדיקע שמועסן, קע־נען אומגינסטיק באַווירקן דאָס קינד און שאַפן אין אים אַן אומווילן צום לערנען. עס איז דעריבער דורכויס נייטיק די היים זאָל שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער שול, און די עלטערן זאָלן אָריענטירן און העלפן דעם לערער צו דערקענען זייערע אייגענע קינדער.

**אַ קינד, וואָס לערנט זיך שלעכט דאַרף דעריבער באַהאַנדלט־ווערן מיט דער גאַנצער פאָרזיכטיקייט און איידער די עלטערן און לערער באַשטימען דעם היילונגס־רעזשים, דאַרף פריער פעסטגע־שטעלט ווערן דער ד י אַ ג נ אָ ז, און עס דאַרפן אויסגעפונען ווערן די סיבות, וואָס האָבן פאַראורזאַכט די מחלה פון נישט־ווע־לן לערנען.**

# לערנט די קינדער
# זעלבסטשטענדיק צו לייענען

אַ געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור, — און מען קען האָבן גוטע געוואוינהייטן ווי אויך שלעכטע. קלאָר, אַז שלעכטע זאַכן זיך אָפּצולערנען איז פיל לייכטער ווי גוטע. שלעכטס פאָדערט נישט קיין אָנשטרענגונג, און נאָכגעבן די אייגענע אינסטינקטן און זיין פויל, איז לייכטער ווי צוימען די איינגעבוירענע פוילקייט און זיין ארבעטסזאַם.

זיצן אין טראַמוויי און קוקן פארחלומט אין פענצטער, איז לייכטער ווי מאַכן די רייזע מיט אַ בוך צי מיט אַ צייטונג אין האַנט. טרוימען, לאָזן די געדאַנקען אומגעשטערט און ציללאָז שווימען, איז לייכטער ווי צו דענקען מיט אַ סדר וועגן אַ באַשטימטן ענין... זיך צו דיסציפּלינירן גייסטיק, דאָס דאַרף מען לערנען פון דער פריסטער יוגנט אָן.

לייענען איז אַן ארבעט. אַ פאַרוויילונג און אַ פאַרגעניגן איז עס פאַר די, וואָס זיינען שוין געוואוינט צו לייענען, וואָס פילן אַ באַדערפעניש און גליק צו פאַרברענגען די פרייע צייט מיט אַ בוך אין האַנט. נישט אַלע האָבן אָבער אַזעלכע באַדערפענישן און נישט אַלע קענען געניסן פון אַזעלכע פאַרגעניגנס.

דאָס לייענען איז אַ גייסטיקע טעטיקייט, וואָס פאָדערט אַ געווייסע אָנשטרענגונג, אַ גייסטיקע דיסציפּלין, אַ „געוואוינהייט" צו דענקען און נאָכשפּירן דעם געדאַנקענגאַנג פון מחבר. מיר מיינען דאָס ערנסטערע לייענען און דאָס בעסערע בוך.
די שונד־ליטעראַטור — פאַר קינדער און דערוואַקסענע — לייענט זיך מיט פאַרכאַפּטן אָטעם, און נאָך מער דורך די קינדער, וואָס האָבן נאָך נישט קיין אַנטוויקלטן געשמאַק, וואָס קאָנען נישט אָפּטיילן גוטס פון שלעכטס, און וואָס וואַרפן זיך אויף דער שונד־ליטעראַטור, וואָס רייצט מער זייער פאַנטאַזיע, פּונקט ווי די דערוואַקסענע שונד־לייענער פאַרשלינגען די ביכער וואָס רייצן מער זייערע אינסטינקטן.

לייענען דאַרף מען זיך לערנען און געוואוינען פון דער פריסטער יוגנט אָן. דאָס קינד דאַרף מען פירן צום בוך, און אויב די שול טוט דאָס נישט, דאַרפן עס טון די עלטערן.
דאָס בוך איז אַ מעכטיק דערציאונגס־מיטל, וואָס געוואוינט־צו דאָס קינד זעלבסטשטענדיק צו דענקען און פאָרשן, וואָס אַנטוויקלט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט, און פירט אים אריין אין דער וועלט פון די גרויסע און אומשטערבלעכע גייסטער, דער נאָמען פון וועלכע איז פאַרייביקט אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

דאָס זעלבסטשטענדיקע לייענען איז פּונקט אַזוי וויכטיק ווי די בילדונג, וועלכע מען באַקומט אין שול. מאַקסים גאָרקי האָט זיינע „אוניווערזיטעטן" געהאַט אינעם אַרומיקן לעבן און נאָך מער אין די ביכער, וועלכע האָבן באַפרוכפּערט זיין טאַלאַנט און באַרייכערט זיין וויסן מיט די אַלע דערגרייכונגען פון דער מענטשלעכער קולטור. אין אַזעלכע „אוניווערזיטעטן" האָבן זייער בילדונג באַקומען די גרעסטע גייסטער פון אַלע צייטן.

די ראָלע פון בוך איז אומגעהויער גרויס, און פּונקט ווי דאָס קינד דאַרף גיין אין שול און מאַכן זיינע לעקציעס פאַר דער שול, אַזוי דאַרף עס אויך לייענען פאַר זיך, פאַרן אייגענעם פאַרגעניגן, פאַר זיין אייגענעם גייסטיקן געניטונג און גייסטיקער אַנטוויקלונג.

## דער בעסטער לערער
## איז דאָס בוך

לייענען לערנען זיך אוים אונזערע קינדער אין שול. אָבער דער וואָס קען לייענען ווערט נאָך נישט קיין לייענער. לייענען קענען זייער א סך מענטשן, אָבער די צאָל פון די וואָס לייענען, וואָס פילן אַ באַדערפעניש צו לייענען א בוך, אַ זשורנאַל, אָדער אפילו אַ צייטונג — איז זייער קליין.

און דאָס לייענען איז אַ מעכטיק דערציאונגס־מיטל נישט נאָר פאַר די קינדער, נאָר אויך פאר דערוואקסענע. דער בעסטער לע־רער, — ווערט געזאָגט, — איז דאָס בוך. אָבער נישט אַלע, וואָס קענען לייענען האָבן אַ צוטריט צום בוך און אַ פאַרשטענדעניש פאַרן דערציערישן ווערט פון לייענען.

קינדער דאַרף מען לערנען, ווי מיר האָבן געזאָגט, זעלבסט־שטענדיק צו לייענען, זיי אָריענטירן און פירן אינעם לאַבירינט פון דער וועלט־ליטעראַטור און זיי אויסהיטן פון די וועגן, וועלכע פירן צום שונד, וואָס רייצט בלויז די אינסטינקטן, אָבער שפייזט

נישט דעם גייסט און דעם אינטעלעקט פון מענטשן. שונד באַרוישט ווי שטאַרקער וויין און פאַרדאַרבט דעם געשמאַק און דעם געדאַנק ווי אַן אַזאַרט-שפּיל. דאָס איז אַזוי מיט די דערוואַקסענע שונד-לייענער און דאָס זעלבע אויך מיט די קינדער. שונד פירט נישט צו ליטעראַטור און ווער עס קריכט אַריין אין דער שונד-בלאָטע בלייבט, דאָס רוב, אין איר שטעקן, פּונקט ווי דער שיכור, וואָס קען נאָר שטילן זיין דורשט מיטן שאַרפן אין רייצנדיקן ברענשטאָף פון משקה.

די עלטערן, וואָס אינטערעסירן זיך מער און אַקטיווער מיט דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון זייערע קינדער, דאַרפן סטימולירן דעם אינטערעס פון זייערע קינדער צו לייענען און ווענדן דעם דאָזיקן אינטערעס נישט אין דער ריכטונג פון שונד, נאָר פון בעסערן בוך, — אין דער ריכטונג פון ליטעראַטור.

# לייענט פאַר פאַר אייערע קינדער!

דעם חשק צו לייענען דאַרף מען אַנטוויקלען. עס איז אַ גע־וויסע גייסטיקע פעאיקייט, וועלכע דאַרף ווערן אונטערגעהאַלטן און געשפּייזט מיט שטענדיקער איבונג.

אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט געלייענט, קומט אָן די מלאכה זייער שווער. ער ווערט מיד פון די ערשטע פּאָר שורות און לייגט אַוועק דאָס בוך. פאַר אַ פויער, אַ האַלבן אַנאַלפאַבעט, קען זיין לייכטער אַנצוהאַקן אַ פורל האָלץ ווי איין מאָל אַוועק־לייגן זיין חתימה, אָדער אַרומטראַכטן אַ וואָסערן ניט־איז ענין. צו פיזישער אַרבעט איז ער געוואוינט, צו גייסטיקער — נישט.

מיט מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט גייסטיקער טעטיקייט קען פאַרקומען אַ פאַרקערטע דערשיינונג. זיי קענען מיד־מאַכן די קלענסטע פיזישע אַנשטרענגונג, דאַקעגן מיטן מוח זיינען זיי גרייט צו קערן וועלטן.

עס איז אומגעזונט, ווען איין טייל פון די מענטשלעכע פעאי־קייטן ווערן אַנטוויקלט אויפן חשבון פון די אַלע איבעריקע טיילן.

„אם אין קמח, אין תורה", — האבן געזאגט אונזערע חכמים, — און דער דאזיקער אלטער אמת ווערט היינט אויסגעדריקט מיטן דעוויז: א געזונטער גייסט אין א געזונטן גוף.

די מאדערנע דערציאונג באמיט זיך דעריבער צו אנטוויקלען אזוי די פיזישע ווי אויך די גייסטיקע פעאיקייטן. א קינד דארף האבן לופט, זון, גוטע שפייז, א סך באוועגונג און שפיל, וואס זאל באגינסטיקן דעם פראצעס פון זיין פיזישן וואוקס. ניט ווייניקער דארף אויך געזארגט ווערן פאר זיין גייסטיקער אנטוויקלונג. אויך דער גייסט, דעם קינדס אינטעלעקט, זיין מוח און געפילן, דארפן האבן גינסטיקע באדינגונגען, און נאך מער — א צוגעפאסטע מעטיקייט, וואס זאל שפייזן, אנטוויקלען און סטימולירן זייער וואוקס.

א אינגל וואס קלאפט א פאר שעה דורכן טאג די פילקע אין גאס, וועט זיכער האבן געזונטע פיס און א פלינקן גוף; וועט ער זיך אבער אויסשליסלעך אפגעבן מיט דער דאזיקער פיינער מלאכה, איז אויך נישט ווייניקער זיכער, אז ער וועט אויסוואקסן א מייסטער פון דער „פיזישער קולטור" און מיט דער גייסטיקער קולטור וועט אזא בחור קיין שייכות נישט האבן.

בא נארמאלע און גינסטיקע באדינגונגען זארגן שוין די קינדער אליין פאר זייער פיזישער „אויסבילדונג". די פארלאנגען און נויטן פון קערפער זיינען צודרינגלעכער ווי די פאדערונג פון גייסט. א געזונט קינד וועט אומבאוועגלעך ניט זיצן, און אין א שיינעם טאג וועט עס זיך רייסן אפן גאס. בא א פיזיש נארמאל קינד קען דער חשק צום שפילן זיין א סך שטארקער ווי דער חשק צום לערנען און צו לייענען. אפן געביט פון דער גייסטיקער דערציאונג איז דעריבער באזונדערס נייטיק די אויפמערקזאמקייט און די אנפירונג פון די עלטערן און לערער.

אין דער הינזיכט קען זייער פיל אויפטון די היים. די עלטערן דארפן זארגן, אז זייערע קינדער זאלן לייענען און דארפן גוט אכטונג געבן אף דער ליטעראטור, וועלכע די קינדער פארשלינגען אפטמאל אן א סדר און אן אן אפקלייב.

לייענען דאַרף מען אָנהייבן פאַר די קינדער נאָך א סך פריער איידער זיי הייבן אָן צו גיין אין שול. פאַר א קינד פון דריי אָדער פון פיר יאָר קען מען שוין פאָרלייענען מעשהלעך. אין אידיש איז דאָ אַ גאַנץ היפּשע ליטעראַטור אויף דעם געביט, און אפילו אונזערע היגע שרייבער האָבן אין דעם זשאַנר פיל געשאַפן. אַ קינד וועט נישט מיד ווערן צו הערן א מעשהלע אומצייליקע מאָל, און יעדעס מאָל געפינט עס אוים אין דער זעלבער געשיכטע עפּעס א נייעם זין, וועלכן עס האָט פריער גאַרניט באַמערקט אָדער דערפילט.

דעם קינדס פאַנטאַזיע, זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט, טייטשט־אריין אינעם מעשהלע וואָס עס וויל, און אָפּהענגיק פון זיין שטימונג באַקומען אויך שטענדיק אַן אַנדער אויסזען די פערסאָנאַזשן וועגן וועלכע מען לייענט. דעריבער איז אַ קינד גרייט צו הערן די זעלבע געשיכטע אַ סך מאָל.

דאָס פאָרלייענען פאַרן קינד אין פאָרשול־עלטער שאַפט דעם אינטערעס פאַרן בוך און ווען דאָס קינד לייענט שוין זעלבסטשטענדיק, דאַרף עס פאָרלייענען פאַר די עלטערן. אָבער דאָס פאָרלייענען טאָר נישט טראָגן קיין כאַראַקטער פון אַ „פאַרהערן", נאָר פאַרקערט — די עלטערן אַליין דאַרפן אַרויסווייזן אַ פאַרינטערעסירונג מיטן געלייענטן און דערמיט מוטיקן דאָס קינד ווייטער זעלבסטשטענדיק צו גיין אויף די וועגן פון זיין גייסטיקער פאַרפולקאָמונג.




## לייג נישט אָפּ אויף מאָרגן דאָס,
## וואָס דו קאָנסט מאַכן היינט

ווען עמעץ איז אומבאַקאַנט דער אומאַנגענעמער געפיל, וואָס עס פאַרשאַפט אונז דער באַוואוסטזיין אַז מיר דאַרפן שרייבן אַ בריוו און דאָך שרייבן מיר נישט, און אַזוי גייען אַוועק טעג, וואָכן און אַמאָל אויך חדשים?

אין אַזאַ פאַל קלייבט זיך אָן אינעם אונטערבאַוואוסטזיין פון מענטשן אַ געוויסע אומצופרידנקייט, אַן אומרואיקייט און אַ פאַר־דרוס אויף זיך אַליין. ווען מען דערמאָנט זיך — מאַטערט דאָס גע־וויסן, די פאַרשטעלונגס-קראַפט ברענגט אַרויס פאַר די אויגן די אַלטע טאַטע - מאַמע, וועלכע וואַרטן פאַרצווייפלט אויף אַ בריוו פון זון! ערגעץ אויף יענער זייט ים, און דער זון זוכט פאַר זיך אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג: — איך בין אַ פאַרנומענער מענטש, טראַכט ער, שטענדיק פאַריאָגט, פאַרהאַוועט, פאַרזאָרגט, די דאגות-פּרנסה נעמען אַראָפּ דעם קאָפּ... און ער שמאַיעט און פיל־דערט נאָך שטאַרקער און באַקלאָגט זיך נאָך מערער, כדי צו פאַר־

היבן און שטילן די שטימע פון אייגענעם געוויסן, וואָס מאָנט, וואָרנט און באַומרואיקט.

און ווער עס פאַרמאָגט אַן עמפינדלעך געוויסן פילט יעדן מאָראַלישן זעלבסטפאָרוואורף נאָך שטאַרקער און טיפער. דער מענטש פאַרביטערט זיך די שטימונג, ווערט נערוועז, פאַרלירט דעם אַפּעטיט, הגם נישט יעדערער גיט זיך אָפּ אַ קלאָרן דין־וחשבון וואָס מיט אים קומט פאָר.

**אַן אַרבעט, וואָס ליגט אונז אין זכרון, וועלכע מיר דאַרפן טון און לייגן זי אָפּ, איז ווי אַ באַרג אף די פּלייצעס, וואָס דריקט דעם געמיט און יאָגט אומבאַוואוסטזיניק אָן אפן מענטשן אַ שאָטן פון טרויער.**

לייג ניט אָפּ אף מאָרגן דאָס, וואָס דו קענסט מאַכן היינט—איז נישט בלויז א קלוגער שפּריכוואָרט, נאָר אויך אַ טיפער פּסיכאָלאָגישער אמת. דאָס אָפּלייגן פון היינט אף מאָרגן איז אַן אמתער גיפט פאַרן גייסט; אַ גיפט, וואָס אַרבעט לאַנגזאַם אָבער זיכער, וואָס צעפרעסט דעם כאַראַקטער פון מענטשן און פאַרדאַרבט אים די שטימונג. אין דאָס אָפּלייגן אף שפּעטער ווערט א געוואוינהייט, אַ שלעכטע געוואוינהייט, ווי אַ כראָנישע קראַנקהייט, וואָס דעמאָראַליזירט גייסטיק דעם מענטשן און ער הייבט אָן צו אַרבעטן אָן אַ סדר, אָן אַ סיסטעם, אָן ליבע און אָן אינטערעס. אַזעלכע מענטשן טוען קיין איין אַרבעט נישט גרינטלעך און רואיק, זיי כאַפּן שטענדיק דעם סוף פאַרן אָנהייב און לעבן מיט דער אייביקער זאָרג, אַז זיי האָבן נאָך אַ סך וואָס צו טון און מיט דער מורא, אַז זיי וועלן דאָס נישט באַוויזן, אַז ס'איז איבער זייערע כוחות, אַז זיי וועלן פאַלן אונטער דער לאַסט...

**מען דאַרף זיך קענען דיסציפּלינירן און מיט אַ סדר און סיסטעם אויסנוצן די אייגענע צייט. אָפּלייגן אף שפּעטער דאָס וואָס דאַרף און קען אָפּגעטון ווערן איצט, איז אַ צייכן פון געפערלעכער ווילן־שוואַכקייט, וואָס דאַרף באַקעמפט ווערן אין דער פריסטער יוגנט און אפן ענערגישסטן אופן.**

# פריער דאַרף מען מאַכן די לעקציעס
# און נאָכדעם זיך שפּילן

לייג נישט אָפּ אויף מאָרגן דאָס, וואָס דו קענסט מאַכן היינט — איז, ווי מיר האָבן עס אויבן געזאָגט, אַ געבאָט פון אונזער פּסי־כישער נאַטור, וואָס רעכנט זיך אומברחמנותדיק אָפּ מיט יעדן איינעם, וואָס וואָגט נאָר איבערצוטרעטן אירע שטרענגע און דראַסטישע געבאָטן.

אונזערע קינדער האָבן יעדן טאָג אויף אַ שעה אָדער צוויי שול־אַרבעט אין שטוב, און אייניקע פון זיי מאַכן אָפּ זייערע לעקציעס אַזוי גיך און לייכט, אַז אין שטוב מערקט מען גאָרנישט ווי זיי ווערן פאַרטיק; דאַקעגן פאַר אַנדערע קינדער, קומט אָן די היים־אַרבעט זייער שווער, און עס קומען דערביי אויך נישט אָפּ אָן עגמת־נפש די עלטערן.

און ווען די קינדער זיינען אָפּגעלאָזן, נאָכלעסיק און פויל, און האָבן אַ טבע אָפּצולייגן אויף שפּעטער און אויף מאָרגן דאָס וואָס זיי קענען מאַכן איצט — ווערן די לעקציעס אָן אמתע פּיין פאַר די קינדער און אַ זאָרג פאַר די עלטערן.

אַט קומט אַ קינד פון שול, עסט אָפּ און נעמט זיך שפּילן אָדער גלאַט אַזוי צערייבן זיין צייט. דאָס קינד איז פאַרטון, פאַר-האַוועט, פאַרנומען און פאַרשמאַיעט; דער מאַמען איז אַ שאָד עס אָפּצורייסן פון זיינע טרוימען, און זי לאָזט אים זיך שפּילן.

אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס קינד נישט אינגאַנצן רואיק, נישט פולשטענדיק גליקלעך און זאָרגלאָז. אין זיין אונ-טערבאַוואוסטזיין מאַטערט אים אַ געדאַנק: עס דאַרף מאַכן די לעקציעס, און דער געדאַנק טאַטשעט ווי אַ וואָרעם און פאַרבי-טערט די שטימונג.

דאָס איז די שטימע פון געוויסן, וועלכע דאָס קינד פּרואווט פאַרטרייבן, פאַרשפּילן און פאַרטויבן. אָבער דאָס געוויסן לאָזט זיך נישט, און בעת דאָס קינד איז, דאַכט זיך, מיט לייב-און-לעבן אריינגעטון אין שפּיל, גיט אים אַ ברען אין מוח: דו האָסט נאָך נישט געמאַכט דיינע לעקציעס, דער לערער וועט שרייען, די מאַמע וועט זיך בייזערן...

אינעם קינד קומט פאָר אַ גייסטיקער צוזאַמענשטויס, אַ שטילער אינערלעכער קאַמף פון ווילן און אינערציע, פון פליכט און עגאָיזם, פון געוויסן און אינסטינקט.

און דער דאָזיקער קאַמף איז אָפט גורם ערנסטע גייסטיקע שטערונגען, וואָס דריקט זיך אויס אין אַן אומרואיקייט און נערוועזיטעט. און צו דעם איז דאָ איין איינציקע תרופה, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם קלוגן פאָלקס-שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט: לייג נים אָפּ אויף מאָרגן דאָס, וואָס דו קענסט מאַכן היינט.

אַ מאָראַלישע דיסציפּלין מוז מען אויסבילדן בײַ די קינדער. אַ דיסציפּלין, וואָס פאָדערט דאָס ערשטע צו דערפילן די פליכט און לאָזן רואיק דאָס געוויסן. אָן אַזאַ דיסציפּלין איז נישט מעגלעך קיין גייסטיקער גלייכגעוויכט און קיין אינערלעכער פרידן.

# עקזאמענעס

עקזאמענעס — א ווארט, וואס איז פארבונדן מיט א סך איבערו און זארג פאר די קינדער. עס איז א יום־הדין, אין וועלכן עס ווערט אונטערגעצויגן א סך־הכל פון א יאר אפגעטוע־נער ארבעט.

ס׳איז עקזאמען־צייט און די גוטע שילער ווי די שלעכטע לע־כן איבער א פעריאד פון אינטענסיווער טעטיקייט, ווער עס גרייט זיך און איז זיכער אז ער וועט „דורכגיין", ווער עס ארבעט און לעבט מיט האפענונגען, און ווער עס הארעוועט און האפט אף א נס־מן־השמים, אף א גליקלעכן צופאל, אף א „גראנדע".

אבער דער משפט איז באם עקזאמען ניט שטענדיק קיין גע־רעכטער און דער סך־הכל איז נישט פינקטלעך קיין אריפמעטישער. וואס מוז אין סומע געבן נישט מער און נישט ווייניקער וויפל צאלן מען רעכנט צוזאמען.

עס טרעפט, אז גוטע שילער, וואס האבן א גאנץ יאר ארוים־געוומען גוטע אפצייכענונגען, זאלן באם עקזאמען ליידן א דורכ־פאל. דאקעגן זיינען דא פאלן, ווען גאנץ קנאפע ווייסער, וואס האבן א גאנץ יאר נישט אריינגעשמעקט אין די ביכער, זאלן באם עקזאמען דערשיינען ווי גאנצע למדנים.

דער איפן פון עקזאמענירן אפילו טראגט א מין גורל־כאראקטער. די שילער ציען גורל, יעדער איינער ציט א „בילעט", אף וועלכן ס׳איז אנגעשריבן די טעמע אף וועלכער עד דארף ענטפערן. עס קען דעריבער טרעפן, אז א שלעכטער

שילער זאָל אָנטרעפֿן אַ „גוטע" טעמע, עס הייסט, אַ לייכטן ענין אין וועלכן ער איז באַהאַוונט, און אַ בעסערער און פֿלייסיקער שי־לער זאָל אַרויסציִען אַ „נומער" מיט זייער אַ שווערער טעמע, אָדער מיט אַזאַ ענין, אין וועלכן ער איז שוואַך אָדער הינטערשטעליק.

אויף אַזאַ אופֿן איז דער עקזאַמען ניט שטענדיק די אַבסאָלוט־ריכ־טיקע אָפּשפּיגלונג פֿונעם וויסן, פֿון דער פֿלייסיקייט און פֿון דער אינטעליגענץ פֿון די שילער. ס׳טרעפֿט גאַנץ אָפֿט, אַז אַפֿילו גוטע שי־לער פֿאַרלירן זיך און ווערן צעטומלט באַם עקזאַמעניר־טיש. באַם אָנבליק פֿון פֿרעמדע מענטשן, וואָס זיצן מיט שטרענגע מינעס פֿון העכערע שופֿטים, ווערן קינדער צעטומלט; עס ווערט זיי הייס אין קאָפּ, די פֿיס הייבן אָן ציטערן, דער מוח זאָגט זיך אָפּ צו אַרבעטן און די צונג בלייבט ווי פֿאַרגליווערט...

ערשט נאָכן עקזאַמען דערמאָנט זיך אַזאַ אומגליקלעכער בחורל, אַז אויף די פֿראַגן וועלכע מען האָט אים געשטעלט האָט ער געקענט ענטפֿערן, מען האָט אים נאָר געדאַרפֿט געבן אַ גע־לעגנהייט רויִק צו דענקען און נאָכטראַכטן. אָבער באַם עקזאַמע־ניר־טיש האָט ער נישט געקענט קאָנצענטרירן נישט די געדאַנקען און נישט דעם זכרון.

זאָלן די עלטערן אין דער עקזאַמען־צייט ניט פֿאַרגרעסערן דעם פּחד פֿון די קינדער. זאָל מען אויף זיי ניט אָנוואַרפֿן קיין שרעק, אַז זיי וועלן אויך „אַריינכאַפּן אַ חלק" אין שטוב נאָך אַ דורכפֿאַל באַם עק־זאַמען. אויף די קינדער ציטערט שוין אַזוי אויך די הויט, און אויף צו־פֿאַרהיטן זייערע נערוון דאַרף מען זיי סטימולירן און צוגעבן מוט, אָבער נישט טעראָריזירן מיט קיין שרעקנס־בילדער ווי יענער צי־גיינער, וואָס האָט געשלאָגן מכות־רצח זיין קינד עס זאָל נישט צעברעכן דעם קרוג, און האָט אים ערשט נאָך די קלעפּ געשיקט מיטן קרוג נאָך וואַסער...

די אָפּגעשטאַנענע און דעפּעקטיווע קינדער ווערט מען מיט שטע־קנס פֿון איין קלאַס אין צווייטן נישט אַריבערטרייבן — צו זיי דאַרף מען אָנווענדן גאַנץ אַנדערע מיטלען — און צו די נאָרמאַלע און בעסערע שילער דאַרף מען איבערהויפּט ניט קיין שטעקנס, זיי טרייבן זיך אַליין אונטער.

# נאָכן שול־יאָר

## וועגן די פּרעמיעס און אויסצייכענונגען, וואָס ווערן אויסגעטיילט די קינדער נאָכן שול־יאָר

שוין פאַרענדיקט דאָס שול־יאָר אין דער מלוכה־שול און עס הייבן זיך אויך אָן וואַקאַציעס אין די אידישע שולן. די ענדע שול־יאָר איז פאַרבונדן, ווי געוויינטלעך, מיט עקזאַמענעס, מיט פּרעמיעס, מיט אויסצייכענונגען און שול־אונטערנעמונגען. מיר האָבן שוין די פראַגע פון עקזאַמענעס באַרירט אין פאַריקן שמועס, און ווען נאָר אין דעם פאַל פאַרברייטערן דעם ענין אין שייכות מיטן פסיכישן אָפּקלאַנג אינעם קינד פון די אַלע פייערלעכע צערע־מאָניעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן סוף שול־יאָר.

ערשטנס, די פּרעמיעס. מען איז זיך נוהג אין אַ סך שולן אויסצייכענען די קינדער מיט אַטעסטאַטן, מעדאַלן, פּרעמיעס, אָדער גלאַט שבחים, וואָס ווערן אַראָפּגעזונגען פון דער בינע אויף די שול־ימים־טובים און אפילו פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען.

ס'איז אַ מנהג פון קדמונים אויסצייכענען די גוטע און פלייסיקע תלמידים מיט אַ קניפּ אין בעקל, מיט שכר פאַר מעשים־טו־

בים, פאר ארבעטסזאמקייט, רואיקייט, פינקטלעכקייט און פאָלגעוודיקייט.

ס'הייסט, מען דאַרף די גוטע סטימולירן, זיי זאָלן נישט פארלירן דעם חשק צו לערנען און די שלעכטע דאַרף מען אָנלערנען, זיי זאָלן אויס קנאה צו די גליקלעכע און באַלוינטע זיך נעמען צום לערנען.

אָבער עס איז נאָך נישט דערוויזן געוואָרן, אז די דאָזיקע סיסטעם פון שכר און עונש, פון באַלוינונג און שטראָף, זאָל געבן גוטע רעזולטאטן. פון דערציערישן שטאַנדפּונקט ברענגט אָפטמאָל אזא סיסטעם מער שאָדן ווי נוצן. דאָס גוטע קינד וועט נישט זיין אַ גאַנץ יאָר גוט נאָר דערפאר ווייל מען האָט אים געגעבן די פרעמיע, און עס וועט נישט ווערן שלעכט ווען מען וועט אים קיין אָפּצייכענונג נישט געבן.

די גוטע אָדער שלעכטע מדות פונעם קינד, זיינען אַ פּראָדוקט פון אַ גאַנצער ריי פיזישע און פּסיכישע פאַקטאָרן, וואָס קומען ווי א רעזולטאט פון דער דערציאונג, פון דער היים, פון דער סביבה און, טיילווייז, אויך פון ירושה.

אַ קינד, וואָס פאַרמאָגט אַ שאַרפע אויפנעם־פעאיקייט, אַ שנעלע אָריענטאַציע, אַ געזונטן און רואיקן טעמפּעראַמענט און אַ גוטן כאַראַקטער, וועט פון דער פּרעמיע נישט ווערן בעסער און נישט ערגער. דאַקעגן אָבער, אַ קינד וואָס איז פון דער נאַטור צעשטרייט און נערוועז, וואָס קען זיך נישט קאָנצענטרירן אף איין געדאַנק, וואָס פאַרדייעט די געדאַנקען לאַנגזאַם און שווער, וועט מיט דער פּרעמיע נית ווערן קליגער און פעאיקער, און אָן אַ פרעמיע וועט אים נאָך צו אַלע זיינע מעלות צוקומען די קנאה, — אויב אַנדערע קינדער ווערן יאָ אויסגעצייכנט, — און עס וועט ווערן נאָך פאַרביטערטער, דערשלאָגענער און ערגער.

דאָס אויסצייכענען די פעאיקע קינדער סטימולירט זעלטן די אומפעאיקע, וואָס בלייבן, דאָס רוב, מיט אַ שטילער פאַרביטערונג אין דער נשמה און מיט אַן אומעט, וואָס לייגט זיך ווי א דרי־

קנדיקע לאסט אפן געמיט פון די אפגעשטאנענע קינדער, וועלכע ווערן גייסטיק נאך מער דערשלאגן און פארלירן אינגאנצן דעם חשק צום לערנען.

מען מוז דעריבער זיין שטארק אויסגערעכנט און פארזיכטיק מיטן אויסטיילן די פרעמיעס און שבחים פאר די גליקלעכע און אויסדערוויילטע, כדי נישט צו פארוואונדן די צארטע און יונגע הערצער פון די, וועלכע האבן נישט דאס גליק אויסגעצייכנט צו ווערן.

דאס זעלבע איז מיט די טראדיציאנעלע שול־אונטערנעמונגען, וואס ברענגען אריין א סך פרייד אין שול, אבער וואס פארשאפן אייך אפט א סך פיין די קינדער, וועלכע נעמען אין דער פארהוויילונג נישט קיין אנטייל. עס איז אוודאי אומעגלעך צו באטיילן אלע קינדער מיט ראלן, אבער מען מוז זיך דאך באמיען יעדעס קינד ווי נישט־איז צו געבן א פלאץ אף דער בינע און אן אנטייל אינעם יום־טוב. זאל אים די ענדע פון שול־יאר ניט איבערלאזן קיין דערינערונג פון ליידן און פארביטערונג אין דער נשמה.

מען מוז שטארק היטן די צארטע עמפפינדלעכקייט פון קינד, נישט פארוואונדן זיין נאטירלעכן געפיל פון זעלבסטליבע, און ניט ארויסרופן בא אים קיין גייסטיקע דעפרעסיע, און נישט קיין פארדרוס בא די אלע פייערלעכע שול־אקטן, וואס זיינען פארבונדן מיטן סוף שול־יאר.

דריטער טייל:

# דאָס קינד אין גאַס

# וואַקאַציעס

ס'ווערט געשלאָסן דאָס שול־יאָר און די קינדער באַקומען וואַ־קאַציעס. דאָס קליינוואַרג פריידט זיך — פאַרענדיקט אַ יאָר אַר־בעט און עס קומט אַ באַרעכטיקטער און גוט־פאַרדינטער אָפּרו.

עס איז נאָר אַ פראַגע ווי אויסצונוצן דעם אָפּרו אויף אַ ראַציאָ־נעלן און פּראַקטישן אופן. זיכער איז דער אידעאַלסטער אָפּרו אויף דער פרייער לופט. דאָס קינד דאַרף זיך אָפּרוען נישט נאָר פון דער שול און פון דער שול־אַרבעט, נאָר אויך פון דער איינמידנדיקער און דענערווירנדיקער שטאָטישער סביבה, וואָס דערשעפּט נישט נאָר דעם דערוואַקסענעם, נאָר רופט זיך אויך שווער אָפּ אויפן גייסטיקן גלייכגעוויכט פון די קינדער.

די רואיקע דאָרפישע אומגעבונג, די פרישע פעלד־לופט און די באַרואיקנדיקע שטילקייט פונעם דאָרפישן לעבן קרעפטיקן די נערוון און דעם מידן גייסט פונעם שטאָטישן מענטשן, וואָס פאַר־בערט מיטן שטענדיקן אימפּעט פונעם גרויסשטאָטישן לעבן. קינ־דער, וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר זיך פאַרנומען מיט גייסטיקער אַר־

בעט, נייטיקן זיך באזונדערס שטארק אין אזא געזונטער און נאַ-טירלעכער אפפרישונג.

דעם פאזיטיוון רעזולטאט פון אזא מין אפרו דארף מען נישט מעסטן מיט די פאר צוגעקומענע קילא וואג, וועלכע דאס קינד האט אף זיך ארויפגעגעסן. ארויפטרייבן אף א קינד שמאלץ קען מען גיכער אין שטאט און אין שטוב, וואו עס פעלט רוים און לופט, וואו עס פעלט ארט פאר באוועגונג, וואו די פארדייעטע שפייז פארוואנדלט זיך נישט אין ענערגיע און מוסקול-קראפט, נאר אין שטיקער שמאלץ, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אפט אוים די שטאטישע קינדער.

אויב א קינד האט אין קאלאניע נישט ארויפגעצויגן אף זיך נאך א פאר קילא, הייסט עס נאך נישט, אז עס האט גארנישט געוואונען. די דארפישע לופט רייניקט אוים די לונגען, פרישט אפ דאס בלוט, בארואיקט די נערוון און לייטערט אוים דעם קאפ פון די שטאטישע ארבעטס-זארגן פון וועלכע עס זיינען נישט פריי אפילו די קינדער.

אוודאי האבן נישט אלע די מעגלעכקייט צו פארלאזן אף די זומער-חדשים די שטאט. אבער כמעט אלע האבן די מעגלעכקייט ארויסצושיקן זייערע קינדער אין די אומזיסטיקע מלוכהשע זומער-קאלאניעס. אין דעם זין האט דער ארגענטינער נאציאנאלער ביל-דונגס-ראט פאר די קינדער א סך אויפגעטון און די געלעגנהייט דארף ברייט אויסגענוצט ווערן, אין צוליבן געזונט פון די קינדער דאף מען זיי שיקן אף די זומער-קאלאניעס.

אבער די זומער-קאלאניע דויערט נישט מער ווי איין חודש— גענוג צייט אף צו פארברוינען די יונגע הויט און אפפרישן די כו-חות — פון דער ליידיקגייעריי ווערט מען גיך מיד און מיט גאר-נישט טון קען א קינד זיינע טעג נישט אויספילן.

מיט פוסט-און-פאסעווען בארואיקט מען נישט דעם קערפער און אויך נישט דעם גייסט, וואס נייטיקט זיך אין א שטענדיקער איבונג און ארבעט, כדי נארמאל צו וואקסן און זיך אנטוויקלען. גענוג, אז דאס קינד איז פריי פון די שול-פליכטן, א גענצלעכע בא-

פרייאונג פון פליכטן און אַרבעט קען נישט מער ווי דעמאַראַליזירן דעם קערפּער און פאַרטעמפּען דעם גייסט.

די פרייע צייט דאַרף מען זייער שטרענג דיסציפּלינירן אַף אַזאַ אופן, אַז דאָס קינד זאָל האָבן זיינע שעהן אַף אָפּרו און זיין צייט אַף אַרבעט. על הכל עת, אַף אַלץ דאַרף זיין צייט, און נאָר אין אַ ראַציאָנעלער פאַרטיילונג פון אַרבעט און רו — אַפילו אין די וואַקאַציעס — ליגט דער סוד פון אמתן גייסטיקן און פיזישן אָפּרו.

די אידישע שול לייזט אַף אַ נאַטירלעכן און ראַציאָנעלן אופן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם. די קינדער, וואָס באַזוכן די אידישע שול זיינען פאַרנומען בלויז עטלעכע געציילטע שעה אין טאָג און האָבן נאָך איבערגענוג צייט אַף שפּיל, אַף אָפּרו, אַף לייענען און פאַרברענגען.

די אידישע שול, וואָס האָט נישט אַזעלכע לאַנגע וואַקאַציעס ווי די מלוכה-שול, נעמט צו דעם איבערפלוס פון פרייער צייט, וואָס בלייבט בא די קינדער אין פאַרלויף פונעם גאַנצן זו־מער, און דער אָפּרו פון איין שול — פון דער רעגירונגס-שול — צוזאַמען מיט דער זומער-קאָלאָניע, זיינען גענוג אַף געבן צו פילן די שילער דעם זינען טעם פון וואַקאַציעס.

לערנען אידיש, און לייענען — דאָס דאַרף זיין די הויפּט-אַר־בעט פון די קינדער אין דער צייט פון די וואַקאַציעס. דאָס לייענען איז נישט בלויז אַ דערציאונגס-מיטל, נאָר אויך אַ פאַרוויילונג, אַ נוצלעכער צייט-פאַרטרייב, בא וועלכן עס רוט אָפּ דער גייסט פונעם מענטשן.

די קינדער דאַרף מען געוואוינען צו לייענען, אַזוי אידיש ווי שפּאַניש, און די וואַקאַציעס גיבן אַף דעם צייט. עס דאַרף נאָר זיין ווילן.

## נוצט אוים ראַציאָנעל
## די וואַקאַציע־צייט

די שול נעמט צו בא די עלטערן א גרויסן טייל פון פון זייער זאָרג און פון זייער אויפזיכט איבער די קינדער. ווען דאָס קינד באזוכט נאָך צוויי שולן — ווי א גרויסער טייל פון אונזערע אידישע קינדער — זיינען די עלטערן כמעט ווי אינגאנצן פטור פון דער זאָרג זיך צו באשעפטיקן און אַכטונג־געבן אפן קינד אין פארלויף פינעם גאנצן טאָג.

בעתן שול־יאָר איז דעריבער דאָס קינד מער אָנגעוויזן אף די שולן ווי אף דער שטוב, און אף די לערער מער ווי אף די עלטערן. באַזונדערס שאַרף ווערט דעריבער דאָס „פּראָבלעם" פון דערציאונג אין דער צייט פון די וואַקאַציעס און נישט איין מאַמע גיט מיט ציטער א טראַכט, וואָס וועט זי מיט אירע „באַנדיטן" טון ווען זיי וועלן פריי־זיין פון די שולן און א גאַנצן טאָג „ליגן אפן גאַס" אָדער „איבערקערן" די שטוב.

אוןווירקלעך איז דאָס א פּראָבלעם, וועלכן מיר האָבן שוין

באַרירט, און בא דער געלעגנהייט זיינען מיר ניט אויסן צו געבן די עלטערן קיין עצות ווי אזוי נאָך מער אַרומשניידן און צונעמען דעם קינדס פרייע צייט. פאַרקערט, מיר ווילן אָנווייזן ווי אזוי דאָס קינד זאָל וואָס ראַציאָנעלער אויסנוצן, — לויט זיין ווילן און פאַרלאַנג, — די קורצע עטלעכע שעה, וועלכע עס האָט פריי פון שול־פליכטן און אַף וועלכע עס איז אליין באַלעבאָס.

און דאָס איז זייער וויכטיק: אַ קינד דאַרף האָבן יעדן טאָג געוויסע מאָמענטן, וועלכע גיבן אים דעם באַוואוסטיין, אַז אַף דער צייט איז עס באַלעבאָס, און קען טון וואָס עס וויל און נישט וואָס דער טאַטע אָדער די מאַמע וועלן אים הייסן.

אַן אַרבעט וואָס מען טוט אַף אַ באַפעל — עס מעג אפילו זיין אַפן צאַרטסטן באַפעל פון דער מוטער — שאַפט אָפט דעם באַוואוסטזיין פון אַן אַרויפגעצוואונגענער פליכט; די זעלבע אַרבעט אָבער, ווען זי ווערט געמאַכט פרייוויליק פאַרשאַפט אַ טאָפּלטן פאַרגעניגן און מאַכט אַפן קינד אַן איינדרוק פון אַ שפּיל, וואָס ווערט פאַרייניקט מיטן אָנגענעמען געפיל פון אַ פריי־דערפילטער פליכט, וואָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אַף זיין אייגענער איניציאַטיוו און מיט זיין אייגענעם ווילן.

אָבער אַ קינד וועט דאָס רוב זיך ניט איינשפּאַנען אין דער אַרבעט אין זיין פרייער צייט, סיידן די אַרבעט איז אים באַזונדערס ליב און פאַרשאַפט אים גרויס פאַרגעניגן. עס וועט דעריבער זיך נישט אַוועקזעצן לערנען, נאָר וועט גיין זיך שפּילן; וועט נישט בלייבן אין שטוב, נאָר לויפן אַפן גאַס און נישט זיין אליין, נאָר זיך זוכן חברימלעך.

און דאָס אַלץ איז זייער גוט און נאַטירלעך.

זיך שפּילנדיק איבט דאָס קינד אַלע זיינע חושים און אָרגאַנען, עס אַנטוויקלט זיין גאַנצן קערפּער, קאָנצענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט, יאָגט שטאַרקער דאָס בלוט אין די אָדערן און די געדאַנקען אין מוח. בעתן שפּיל לערנען זיך אויס די קינדער שנעל צו האַנדלען, שנעל זיך אָריענטירן און שנעל צו ענטפערן דעם קעגנער מיטן מויל, און אָפט אויך — מיט דער פויסט.

**אין שפּיל, און אין גאַס, באַרייכערט זיך דאָס קינד מיט נייע דערפאַרונגען, מיט נייע דערשיינונגען און מיט נייע חברים. עס לערנט זיך אויס צו דערקענען די וועלט און נישט זיין פאַרשלאָפן פאַרחלומט און פאַרטראַכט.** עטלעכע קינדער צוזאַמען זיצן זעלטן רואיק, זיי געפינען שוין וואָס צו טון און ווי אזוי צו באַשעפטיקן און געבן אַרבעט איינער דעם אַנדערן.

אַלץ וואָס „צו" איז אומגעזונט. צו פיל שפּיל איז פּונקט אזוי שעדלעך ווי צו פיל לימוד, ווי צו פיל עסן, און ווי יעדער אנדער „צו פיל". אין אַלץ דאַרף זיין אַ מאָס. אַ קינד דאַרף אויסנוצן זיינע וואַקאַציעס, עס דאַרף פון זיי געניסן, עס דאַרף זיך שפּילן, עס מעג זיין אף דער גאַס, עס מוז זיין מיט חברים, און נאָך מער מיטן באַוואוסטזיין פון זיין פרייהייט צו געניסן פון זון און פון לופט.

די עלטערן דאַרפן אים וואָס ווייניקער שטערן, אָבער נישט אויפהערן צו וואַכן, צו זאָרגן און דיסציפּלינירן די אומגעצוימטע אינסטינקטן פון קינד, וואָס דאַרף זיך לערנען נישט איבערצוכאַפּן די מאָס, וויסן „וואו איין און וואו אויס" און פאַרשטיין וואָס איז פאַר אים שעדלעך און וואָס נוצלעך.

# מעגן קינדער זיך שפּילן אין גאַס?

פאַרוואָרלאָזטע קינדער, אָן עלטערן און אָן אויפזיכט, פאַר־ברענגען זייער קינדהייט אַף דער גאַס. און קלאָר, אַז די גאַס קען קיין גוטע דערציאונג נישט געבן. אין גאַס קומט זיך צונויף דאָס קינד מיט שלעכטע חברים, גייט אַוועק אַף פאַלשע וועגן, ווערט צייטיק פאַר דער צייט און זינקט אָפּט אין אָפּגרונט פון פאַרברע־כן און דעגענעראַציע אַפן גאַנצן לעבן.

דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן קינדער פאַרוואָרלאָזטע. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער מיט קינדער, - וואָס האָבן אַ היים און אַ שטוב, און וואָס פאַרברענגען בלויז זייער פרייע צייט אין גאַס, בּאַ שפּילערייען מיט זייערע חברימלעך, אָדער מיט די קינדער פון דער געגנט.

פיל עלטערן באַקלאָגן זיך אַף דער ווירקונג פון דער גאַס, וואו די קינדער לערנען זיך אָפּ מיאוסע ווערטער און מיאוסע געננג. און די טענות פון די עלטערן זיינען דאָס רוב

געגוג בארעכטיקטע, און נאך מער בארעכטיקט איז די מורא פאר דער גאס, וואו דאס קינד איזווירקלעך אויסגעשטעלט אף א סך פיזישע און מאראלישע געפארן.

אף דער גרויסשטאטישער גאס פליען מיט א משוגענער שנעל־קייט די אויטאס און נישט ווייניק איז די צאל קרבנות, וואס זיי פארורזאכן צווישן די אומפארזיכטיקע קינדער, וועלכע ליידן אמערסטן פון די פארשיידנסטע גאסן־אקצידענטן. אויך טרע־פן זיך אן קינדער אין גאס מיט שלעכטע חברים, פון וועלכע זיי לערנען זיך אפ שלעכטע ביישפילן און מיאוסע רייד.

נישט איינמאל טרעפט, אז אין א געגנט הערשט איבערן קליינוואורג איינער אדער צוויי קינדער, וואס האבן זיך אפגע־לערנט פארשיידענע מיאוסע זיטן און דערפאר אימפאנירן זיי זיך אף די איבעריקע קינדער, וואס קוקן אף די שלעכט־דערצויגענע חברה־לייט מיט רעספעקט און באוואונדערונג.

די גאס האט זיכער א סך נעגאטיווע זייטן און עס איז, אין א געוויסער מאס בארעכטיקט דער אומצוטרוי און די מורא פון די עלטערן פאר דער ווירקונג פון דער גאס.

אבער אייניקע עלטערן בייגן איבער דעם שטעקן אף דער צווייטער זייט און לאזן אינגאנצן נישט ארויס זייערע קינדער אף דער גאס. און קינדער וואס האדעווען זיך אויס אונטער דער מא־מעס פארטוך פארמאגן נישט ווייניקער נעגאטיווע שטריכן ווי די חברה פון דער גאס. אזעלכע באשעפענישן זיינען ווי אפגעהיטע עקזאטישע בלימלעך, וואס קענען ניט פארליידן קיין פרייע לופט, און וואס זיינען נישט פעאיק אליין זיך צו פארווארצלען און ציען זאפט פונעם נאטירלעכן באדן.

אזעלכע קינדער זיינען דאס רוב ציטעריק, פארפעשטשעט, ווייכלייביק, עגאיסטיש, אן ווילן, אן איניציאטיוו, מיט א קרענק־לעכער עמפפינדלעכקייט און מיט א שטענדיקער מורא פאר אלץ און פאר אלעמען. פארצערטלטע קינדער זיינען אויך דאס רוב זייער פויל, מיט א שלעכטן אפעטיט צום עסן, און מיט נאך אן ערגערן אפעטיט צום לערנען.

מיר גיבן עס נישט אָן פאַר אַ כלל, נאָר מיר נעמען בלויז די עקסטרעמען. עס שפּילט אַ גרויסע ראָלע די סביבה פון שטוב, ווי אויך פון דער אנדערער זייט, די סביבה פון גאַס.

מען מוז אָבער אנערקענען, אַז אין גאַס, עס הייסט, בײַ די שפּילערייען מיט קינדער אַנטוויקלט זיך אין קינד זיין זעלבסט־שטענדיקייט, זיין איניציאַטיוו און אונטערנעמערישקייט. זיינע מוסקולן און זיין קאָפּ מוזן אַרבעטן אַקטיוו און ענערגיש, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק לגבי אנדערע קינדער. אינגלעך באַקומען שטריכן פון מענערישקייט און דרייסטקייט, פון ווילן און אויסדויער. זיי כאַפּן קלעפּ, אָבער זיי לערנען זיך אויס צו גיבן צוריק. און פאַרטיידיקן דעם אייגענעם כבוד און די אייגענע ביינער דאַרף מען קענען, און דאָס לערנט מען זיך אויס אין די פרייע און אומגעשטערטע שפּילערייען מיט אַנדערע קינדער, אָן דער אויפזיכט פון עלטערן, אָן די מוסר־דרשות פונעם טאַטן, און אָן דעם פאַרטוך פון דער מאַמען.

די גאַס האָט, אויף אַזאַ מין אופן, אויך אירע פּאָזיטיווע עלעמענטן. ווען מען קען אויסמיידן די גאַס איז גוט, אויסמיידן אָבער די קינדער־שפּילערייען און נישט לאָזן די קינדער פריי זיך שפּילן מיט זייערע חברימלעך, טאָר מען נישט.

# די ווירקונג פון קינאָ אפן קינד

אונזערע קינדער באַזוכן אָפט, שוין צו אָפט, דאָס קינאָ-טעאַ־טער. דאָס איז אייגנטלעך אַ פארוויילונג אַ צוטריטלעכע און גאַנץ ביליקע אין דער גרויסער שטאָט. אין בוענאָס-איירעס מוזן זיין נישט ווייניקער קינאָס ווי שולן. באַזוכער האָבן זיי זיכער מער, און וואָס הערן אוים מיט מער ליבע, אויפמערקזאַמקייט און רואיקייט די קלאַנגען פון עקראַן ווי די טענות פון די לערער אין די קלאַסן.

בײַ די היזיקע קינדער איז שוין איינגעפירט, אַז זיי באַקו־מען יעדע וואָך אויסגעטיילט זייער „פּאַרציע״ ביאָגראַף. און ווי עס קריסטלט זיך אַזוי אידלט זיך. איינמאָל אין וואָך גייען כמעט אַלע קינדער אין ביאָגראַף. און אַז דאָס קינד איז אַ ביסל צעפּיעשטשעט און צימעריק, באַקומט עס פון דער מאַמען — אַז דער טאַטע זאָל נישט וויסן — נאָך אַ פּאַרציע ביאָגראַף. ווען דאָס קינד פירט זיך אויף גוט און טאַטע-מאַמע זיינען צופרידן, באַקומט עס ערשט אַ מתנה אַף אַ בילעט אין ביאָגראַף. און גלאַט אַזוי, ווען עס איז

אַמאָל גוט אַפן האַרצן נעמט מען זיך די קינדער און מען גייט מיט זיי אין ביאָגראַף, און פאַרקערט ווידער: ווען עס איז אַמאָל ביטער אַף דער נשמה און די קינדער פאַרדרייען דעם קאָפּ, גיט מען זיי די עטלעכע סענט און מען שיקט זיי אַוועק אין ביאָגראַף.

אַ סך עלטערן טראַכטן טאַקע, אַז איידער דאָס קינד זאָל אַרומלויפן איבער דער גאַס, זיך אויסשמירן, צעשלאָגן, צי גאָר חלילה טרעפן אונטער אַן אויטאָ, איז שוין בעסער ס'זאָל זיצן אין ביאָגראַף. די אינגלעך באַזונדערס, וואָס „קערן" געוויינטלעך איבער די שטוב, וואָס דאַרפן האָבן — ווי די מאַמעס טענהן, —אַ דינכט וואָס זאָל זיי נאָכגיין און אַרומראַמען, קומען פון קינאָ שפּילע, פאַרטראַכטע, רואיקע, פאַרחלומטע און מידע. זיי עסן אָפּ, גיבן אַ מאַך די לעקציעס, שאַ-שטיל, און גייען זיך רואיק שלאָפן.

—ווען נישט דער ביאָגראַף, וואָלט מען פון דעם באַנדיט נישט געקענט אויסהאַלטן, — אַזוי דרשנט נישט איין מאַמע.

—נאָ דיר צוואַנציק סענט, און לאָמיר דיך נישט אָנקוקן. אָדער: — נאָ, גיי שוין אַוועק אין „סינע" און זאָל מיר דער טשאַד אַביסל אַרויסגיין פון קאָפּ! — דאָס זיינען טענות וואָס מען הערט פון אַ סך מאַמעס.

און ווירקלעך, דאָס לעבן אין דער היגער גרויסשטאָטישער ענגשאַפט. און ווען גאָט העלפט נאָך מיט עטלעכע קינדערלעך, איז נישט פון די גאָר לייכטע ביסנס. זיינען טאַקע אַ סך מאַמעס צופרידן ווען זיי קענען זייערע קינדער אַרויספּאַטערן אַף אַ האַלבן טאָג אין ביאָגראַף, און בפרט נאָך ווען מען קריגט דעם פאַרגעניגן גאַנץ ביליק.

די קינדער-באַזוכער אין די ביאָגראַפן ווערבירן זיך טאַקע אַמערסטן פון די אָרעמערע שיכטן. אַ קליינער שפּאַציר איבער די קינאָ-זאַלן באַטאָג, וואו אַ ריזיקע מאַסע קליינוואַרג פילט אָן די פאָדערשטע בענק, קען יעדן אין דעם איבערצייגן. אָבער אונז אינטערעסירט נישט אין דעם פאַל דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון

די קינא-באזוכער, נאר די פסיכישע און דערציערישע ווירקונג פונעם קינא.

אין איניקע לענדער זיינען איינגעפירט געווארן געוויסע באשרענקונגען פארן באזוך פון די קינדער אין קינא. אין די פארייניקטע שטאטן ווערן קינדער נישט אריינגעלאזן אן דער באגלייטונג פון עלטערן. אין איניקע אייראפעאישע לענדער איז איינגעפירט א שטרענגער קאנטראל אף די בילדער, און באטאג ווערן נאר געוויזן אזעלכע פילמס, וואס זיינען ספעציעל געשאפן פאר די קינדער-אודיטאריעס, אדער וואס זיינען מער-ווייניקער צוגעפאסט צו דער אויפנעם-פעאיקייט פון די קינדער.

באַ אונז איז אין דעם זין א פריילאנד. עס הערשט אף דעם געביט א פילשטענדיקער ווילקיר און עס ווערן אפט געוויזן פאר די קינדער בילדער, באַ וועלכע דערוואקסענע ווערן רויט, און אויב די עלטערע קען עס שוין נית שאטן, ווירקט עס אבער אומגינסטיק אף דער אנטוויקלונג פון די קינדער, וועלכע ווערן פריצייטיק אריינגעפירט אין דער סודותפולער וועלט פון אינטימע געפילן און וואס ווערן דעריבער צייטיק פאר דער צייט. און די עפל, וואס ווערן צייטיק פאר דער צייט זיינען, ווי באוואוסט, צעפרעסן פון ווערים.

דער ביאגראף איז שוין ווייט נישט אזא אומשעדלעכע פארוויילונג, הי איניקע מיינען. דער קינא פארמאגט נישט ווייניקער געפארן ווי „די גאס" און פארקריפלט גאנץ אפט זייער טיף די נשמה פון זיינע יונגע, אומדערפארענע און לייכטגלויביקע צושויער.

## דער קינאָ קען ברענגען מער שאָדן ווי נוצן

דער ביאָגראַף עפנט פאַר די קינדער אַ נייע אויסטערלישע וועלט, מיט נייע מענטשן, זיטן און מנהגים. דער קינאָ פאַרברייטערט דעם קינדס האָריזאָנט, אָבער ער ריכטעט אָפּט זיין אויפמערקזאַמקייט און אַנטוויקלונג אין נישט קיין געוואונטשענער ריכטונג.

מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די אַלע פילמס, וועלכע ווערן געוויזן פאַר די קינדער באַטאָג, זיינען אויסגערעכנט פאַרן דערוואַקסענעם צושויער, און זיי ווערן אין די זעלבע קינאָס אויך געוויזן אין אָונט. עס זיינען אויך דאָ בילדער פאַר קינדער, איבערהויפּט די פאַרשיידענע קאָמישע סצענקעס, אָבער די קינדער זיצן געוויינטלעך אויס אין ביאָגראַף פיר, פינף שעה, און קוקן אויס נישט נאָר די קאָמישע בילדלעך, נאָר טאַקע איבערהויפּט די „ערנסטע" פילמס, מיט די אַלע ליבע־סצענעס און שפּאַנענדיקע האַנדלונגען, וואָס ציען צו די אויפמערקזאַמקייט פונעם קליינוואַרג און

גיבן אַ סך אַרבעט זייער יונגער אומבאַגרענעצטער פאַנטאַזיע.

קיין איין פאַטער וועט נישט גיבן, אַ שטייגער, זיין צען, עלף־יעריק קינד צו לייענען זיינע ביכער אָדער זיין צייטונג, צי דעם ראָמאַן, וועלכן ער לייענט אין דער צייטונג. פאַר קינדער איז דאָ אַ קינדער־ליטעראַטור. אַוודאי זיינען דאָ קינסטלערישע ווערק, וועלכע זיינען געשריבן פאַר דערוואַקסענע, דאָך מעגן עס קינדער לייענען; און זיי וועלן עס פאַרשטיין. אָבער אַזעלכע ווערק זיינען ווייניק דאָ אין דער וועלט־ליטעראַטור און אַז דאָס קינד זאָל האָבן אַ צוטריט צו די גרויסע קינסטלערישע ווערק, באַקומט עס אַ גע־וויסע צוגרייטונג אין שול, און אַז דער מוח ווערט מיט די יאָרן רייפער, דער פאַרשטאַנד ברייטער, די דערפאַרונג גרעסער, איז נאַטירלעך, אַז די אונטערגעוואַקסענע קינדער זאָלן זיך מער נישט באַנוגענען מיט מעשהלעך, נאָר זוכן ערנסטערע שאַפונגען.

מיטן טעאַטער, און איבערהויפּט מיטן קינאָ, קומט אַזאַ מין פּראַצעס נישט פאָר. זעקס, זיבניעריקע קינדער גייען שוין אין ביאָגראַף און זיצן דאָרט אָפּ שעהן צוגעשמידט צו די שאַטנס אויפן ווייסן לייוונט. דער פילם איז דאָך אויך אַ ווערק, געשריבן פאַר דערוואַקסענע, פאַר וואָס־זשע לאָזט מען אַהין אַריינקוקן קינ־דער? איז דאָס בילד ווייניקער שעדלעך ווי דאָס בוך, וועלכעס איז נישט צוגעפּאַסט צו דער אויפנאַמס־פעאיקייט פונעם קינד?

דאָס בוך ווערט זיך אליין קעגן די אומדערפאַרענע יונגע קעפּ, עס איז פאַרשלאָסן מיט אַ נאַטירלעכן שלאָס פאַר די קינדער: זיי פאַרשטייען עס נישט, און במילא, דאָס וואָס זיי פאַרשטייען נישט, וועט זיי נישט אינטערעסירן און זיי וועלן עס ניט לייענען.

דאָס איז גערעדט געוואָרן בנוגע קינסטלערישע ווערק. גאַנץ אַנדערש איז מיט דער שונד־ליטעראַטור, וואָס איז אויסגערעכנט פאַרן נישט איבערקלייבערישן געשמאַק, און וואָס איז בלויז באַ־פעפערט מיט סענסאַציאָנעלע און פאַנטאַסטישע געשיכטעס, אָדער מיט פּיקאַנטע שטעלן, וואָס פאַראינטריגירן דעם אומדערפאַרע־נעם לייענער. דאָ קאָן שוין אויך געשטרויכלט ווערן אַ קינד. און אָפט זעט מען ווי עלף, צוועלפיעריקע קינדער שלינגען טויזנט־

בלעטערדיקע שונד-ראָמאַנען. זיי פאַרשטייען טאַקע נישט אַלץ, אָבער זיי כאַפּן אויף די פּיקאַנטע אָדער פאַנטאַסטישע שטעלן און פאָרן מיט אומגעדולד ווייטער, כדי זיך צו דערוויסן דעם סוף פונעם העלד אָדער העלדין.

די קינאָ-פילמס זיינען עם דאָס רוב אַזעלכע שונד-ראָמאַנען, וואָס פאַרמאָגן אָבער פיל מער מעגלעכקייטן אָף צו באַצויבערן און צושמידן די אויפמערקזאַמקייט פון די קינדער. די רייכקייט פון די קינאָ-אויסשטאַטונגען, די שפע פון די פאַרבן און קלאַנגען רייסן אָפּ דאָס קינד פון דער ווירקלעכקייט און פירן עם אַריין אין אַ וואונדער-וועלט פון פאַנטאַסטישע זעאונגען און שפּירונגען.

דער דערוואַקסענער האָט נאָך אַ באַשטימטן קאָנטראָל איבער זיך, אַ געוויסע קריטישע באַציאונג צו די שאָטנדיקע דערשיינונגען אפן ווייסן לייוונט, אַ קינד לאָזט זיך איינגאַנצן באַהערשן פונעם געזעענעם און נעמט אַלץ אויף ווי אַ רעאַלע ממשותדיקע ווירקלעכקייט.

אַרויסגייענדיק פון ביאָגראַף שפּינען די קינדער ווייטער דעם פאָדים פון חלום, וועלכן זיי האָבן געזען אפן עקראַן און טרוימען מיט די זעאונגען, וועלכע זיי האָבן אויפגענומען אפן לייוונט.

דער ביאָגראַף פאַרזייט אַ פּרוכטלאָזע טרוימעריי אין די נשמות פון די קינדער, וועלכע הייבן אָן שפּייזן זייערע טרוימען און פאַנטאַזיעס נישט מיט די דערפאַרונגען פון דער ווירקלעכקייט, נישט מיט פּרוכטבאַרע קינסטלערישע זעאונגען פון דער ליטעראַטור, נאָר מיט די אומגעזונטע שפּירונגען און רייצונגען וועלכע דאָס קליינוואַרג נעמט אויף אין דער פינצטער פון די קינאָ-זאַלן.

## מעגן קינדער גיין אין ביאָגראַף?

באַ אייניקע קינדער איז דער קינאָ אַ מין מאַניע, וואָס לאָזט זיי נישט רוען. מיטן קינאָ טרוימען זיי באַטאָג און חלומען באַנאַכט. אין ביאָגראַף ווערן זיי נישט מיד צו זיצן גאַנצענע טעג און אויסערדעם, וואָס דאָס ווירקט אומגינסטיק אַף דער פּסיכישער אַנטוויקלונג, מוז עס אויך שלעכט זיך אָפּרופן אַפן פיזישן צושטאַנד פון די קינדער, וואָס זיצן שעהן לאַנג פאַרשפּאַרט אין די קינאָ-זאַלן, אין וועלכע עס קומט נישט אַריין קיין פרישע לופט, און קיין שטראַל ליכט און זון.

אין די ווינטער-מאָנאַטן, ווען עס הערשן פאַרשיידענע עפּידעמיעס, זיינען די קינאָס די געפערלעכסטע פאַרשפּרייטער פון די קינדער-קראַנקייטן. ווען די עפּידעמיעס נעמען אָן אַ דראָענדיקן פאַרנעם ווערן, ווי באַוואוסט, צייטווייליק געשלאָסן די שולן. דאָס איז ווירקלעך אַ גוט מיטל אין קאַמף קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון די קראַנקייטן. אָבער די שולן זיינען אין דער אמתן פיל היגיעַנישער, גרויסער און לופטיקער פון די קינאָ-זאַלן. און אויב די ביאָגראַפן ווערן דאָך נישט געשלאָסן פאַר די קינדער, בלייבט

פאַר די עלטערן דער אויסוועג אַליין צו רעאַגירן און אָפּשטעלן די קינאָ-באַזוכן, אזוי לאַנג עס האַלטן אָן די עפּידעמישע קראַנקייטן.

דער קינאָ וואָלט געקענט זיין אַ מיטל פאַר אַ געזונטער גייסטי־קער אויסבילדונג, און אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון דערציאונג און אַנט־וויקלונג. דער קינאָ, אין די הענט פון געניטע דערציער, קען ריכטן די אויפמערקזאַמקייט, דעם ווילן און דעם אינטערעס פון די קינדער אין אַ געוואונטשענער ריכטונג. אָבער די קינאָ-אונטער־נעמער שטעלן זיך נישט קיין דערציערישע צילן.

אין באַוואוסטזיין פון קינד שפּילן זיך אָפּ די סצענעס פונעם פילם מיט אַן איבערצייגנדיקער קראַפט. די אויפמערקזאַמקייט, וואָס איז געווענדעט צו איין פונקט, און דער אבסאָלוטער גלויבן אין דער וואַרהאַפטיקייט פון דער האַנדלונג, לאָזן נישט איבער קיין מינדעסטן שפּור פון צווייפל, און אַלץ וואָס דאָס קינד זעט מאַכט דעריבער אויף אים א שטאַרקן און אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

מען מוז דעריבער זיין שטאַרק איבערקלייבעריש אינעם פילם־רעפּערטואַר פאַר די קינדער, וואָס זיינען אפשר די טרייעסטע קינאָ-צושויער, וועלכע זאָפּן איין מיט אַלע חושים די וואונדערבאַ־רע טענער, שאָטנס און סיטואַציעס, וואָס דערשיינען אויף דעם קינאָ-לייוונט.

דער געפערלעכסטער פאַקטאָר אינעם פילם איז דווקא זיין קראַפט צו פאַרינטערעסירן און פאַרינטריגירן מיט סיטואַציעס און דערשיינונגען, וועלכע זיינען פאַרן קינד נאָך אומפאַרשטענד־לעך און אומבאַקאַנט. קיין ליבע-ליריק אין פּראָזע צי אין פּאָעזיע וועט קיין קינד נישט פאַרשטיין און נישט לייענען, אָבער ליבע־סצענעס אפן פילם וועט עס נאָכפאָלגן מיט דער גרעסטער אויפ־מערקזאַמקייט. עס ווערן דעריבער אינעם קינד אָפטמאָל דער־וועקט געפילן, איבערלעבונגען און געדאַנקען, וועלכע וואָלטן נאָך אויף אַ נאַטירלעכן וועג געדאַרפט קומען פיל שפּעטער.

א סך עלטערן ווייסן, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאַנט, אז מען דאַרף היטן דאָס קינד פון שלעכטער ליטעראַטור, אָבער ווײ־

ניקער איז די צאָל פון די, וואָס ווייסן, אַז עס זיינען אויך דאָ זייער שלעכטע פילמס פון וועלכע מען דאַרף אויסהיטן די קינדער.

אָבער אויב עס איז דאָ אַ שלעכטע ליטעראַטור, הייסט עס נאָך ניט, אַז מען דאַרף איבערהויפּט נישט לייענען. דאָס זעלבע איז מיטן ביאָגראַף: אויב עס זיינען דאָ שלעכטע פילמס, הייסט עס בשום אופן נישט, אַז מען דאַרף באַ די קינדער צונעמען דעם גרויסן און טיפן פאַרגעניגן, וועלכן עס פאַרשאַפט זיי דער קינאָ.

אַ גוטער פילם באַרייכערט דעם קינדס אינטעלעקט, גיט שטאָף זיין פאַרשטעלונגס-קראַפט, פאַרברייטערט זיין גייסטיקן האָריזאָנט, באַפרידיקט זיין וויסנגיריקייט, פאַרשאַפט אים אומגעהויער פיל פרייד און פאַרגעניגן, און עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן, מען זאָל די קינדער אינגאַנצן נישט לאָזן גיין אין ביאָגראַף.

עס זיינען דאָ קינאָ-בילדער, וועלכע די קינדער מעגן זען און דאַרפן זען. דאָס זיינען ראשית-כל די אַלע בילדער אין וועלכע עס נעמען אנטייל קינדער, ווי אויך די אַלע קאָמישע פילמס, וואָס זיינען איבערהויפּט אויסגערעכנט פאַר די קינדער-אוידיטאָריעס. אויך דאַרפן די עלטערע קינדער זען די אַלע בעסערע קינסטלערישע און היסטאָרישע פילמס, וועלכע זיינען אמת וויי-ניק דאָ, אָבער וואָס דערשיינען דאָך פון צייט צו צייט אַפן קינאָ-לייוונט.

מען דאַרף נאָר אָפּשאַפן די מאַניע פון ביאָגראַף און דאָס זיצן פיר, פינף שעה אָן איבעררייס אין די קינאָ-זאַלן. דאָס אומסיסטע-מאַטישע און איבערגעטריבענע פילם-קוקעריי איז נאָך שעדלע-כער ווי דאָס אומסיסטעמאַטישע לייענען. די עלטערן דאַרפן די ביאָגראַף-פאַרווײַלונג, און דעם אויסוואַל פון די פילמס נישט איר-בערלאָזן פאַר די קינדער, נאָר נעמען אַף זיך.

פערטער טייל:

# כאַראַקטער

## די דערציאונג באַשטימט דעם כאַראַקטער פון מענטשן

לערנען לערנט דאָס קינד אין שול, אָבער דערציונג ווערט עס אין שטוב און אין דער היימישער סביבה בילדן זיך אוים — ווי מיר האָבן עס שוין אין אַ שמועס געזאָגט — זיינע געוואוינהייטן און זיטן, זיין כאַראַקטער און ווילן. זיכער האָט די שול אַ גרויסן איינפלוס אַפן קינד, אָבער אין שטוב, צווישן די היימישע, פאַרברענגט עס דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט און זיי באַווירקן די אנטוויקלונג פון זיין גייסט פיל שטאַרקער און טיפער פון די שולן.

אייניקע פירן איין אַ מין קינסטלעכע ארבעטס-צעטיילונג צווישן דער שטוב און שול. די שול, הייסט עס, זאָרגט פאַרן גייסט פונעם קינד און די שטוב דאַרף באַזאָרגן זיין קערפּער. אָבער מיטן אָפּהיטן, אַז דאָס קינד זאָל זיין זאַט, זאָל זיך נישט פאַרקילן, זאָל האָבן אַ פינפער אַף צוקערקעס און אַ צענער אַף ביאָגראַף, איז

נאָך נאַטירלעך ניט אָפּגעשפּילט די ראָלע פון דער שטוב און ניט געענדיקט די אויפגאַבע פון די עלטערן.

עס איז אַמאָל געווען פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז דער מענטש ירשנט זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן, און אַז ער קומט אַף דער וועלט שוין מיט פאַרטיקע נייגונגען צו גוטס און שלעכטס, וועל־כע די דערציאונג איז נישט אומשטאַנד צו ענדערן. אייניקע פילאָ־זאָפן האָבן אַמאָל פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז דער מענטש ווערט געבוירן מיט די ערגסטע אינסטינקטן ווי אַ רויב־חיה, אין לעבן ווערט ער נאָר אַביסל קולטורעלער און מענטשלעכער. דאַקעגן האָט זיך געצטנס פאַרשפּרייט די טעאָריע פון דער „טאַבלאַ ראַ־סאַ" אַז אַ קינד איז ווי אַ ריינער טאָוול, אַף וועלכן די דערציער קענען אויפשרייבן וואָס זיי ווילן.

דער אמת איז, אַז די אַלע עקסטרעמע טעאָריעס ווערן וויסנ־שאַפטלעך ניט באַשטעטיקט.

זיכער פאַרמאָגט אין זיך יעדער מענטש פאַרשיידענע געירשנ־טע אייגנשאַפטן, וואָס גייען איבער פון דור צו דור און פאַר־בינדן, מיט אומזעבאַרע פּסיכישע פעדים די קינדער מיט זייערע עלטערן און אורעלטערן, ביז אין די וויטסטע דורות. אָבער אַ **גוטע און ראַציאָנעלע דערציאונג קען די שלעכטע ירושה־אייגנ־שאַפטן צוימען און אונטערדריקן; דאַקעגן קען מען די פּאָזיטי־ווע שטריכן פון כאַראַקטער און די איינגעבוירענע פעאיקייטן סטי־מולירן און אַנטוויקלען.**

און אין דער דערציאונג שפּילט די שטוב אַן ערשטראַנגיקע ראָלע, ווייל צו די פינף, זעקס יאָר זיינען שוין פאַרמירט די הויפּט־שטריכן פון דעם קינדס כאַראַקטער. די בילדונג פון מענטשן, באַווירקט אָפּט זייער ווייניק זיין אינערלעך מאָראַליש וועזן. בילדונג איז דאָך אין גרונט בלויז אַ געוויסער סכום וויסן, ידיעות און טעאָריעס, וועלכע איינער האָט אָנגעזאַמלט מער און אַן אַנ־דערער ווייניקער. כאַראַקטער איז אַ טיפערע און קאָמפּליציר־טערע אייגנשאַפט, וואָס איז פאַרבונדן מיטן גאַנצן פּסיכישן וועזן פון מענטשן, וועלכע מען קען נישט „אויסלערנען", נאָר וואָס

בילדעט זיך אויס ווי א רעזולטאַט פון געוויסע ירושה-עלעמענטן און פון דער שפּעטערדיקער דערציאונג און דערפאַרונג, וועלכע מען האָט איבערהויפּט אויפגענומען אין די יאָרן פון דער פרי־סטער יוגנט.

עס איז דעריבער נישט אויסגעשלאָסן, אַז מענטשן מיט אַ הוי־כער בילדונג, זאָלן האָבן אַ גאַנץ „נידעריקן" און עגאָיסטישן כאַראַקטער און פאַרקערט, מענטשן גאָר אָן בילדונג זאָלן ארויס־ווייזן אַ סך כאַראַקטער - איידלקייט, פיינקייט און מיטגעפיל אין זייער באַנעמונג און באַציאונג צו מענטשן. אמת, די שול, און באַ־זונדערס די ליטעראַטור און קונסט, פאַרפיינערן דאָס געפיל און די באַנעמונג פון מענטשן, אָבער זיי קענען נישט ענדערן אינגאַנצן די גרונט־שטריכן פון זיין כאַראַקטער, וואָס בילדעט זיך אויס אין די קינדער־יאָרן, אין קרייז פון דער פאמיליע און אין דער אַרו־מיקער סביבה.

מענטשן מיט אַן עגאָיסטישן, גייציקן, ניט-פאַרגינערישן און מענטשן-פיינטלעכן כאַראַקטער ווערן ניט געבוירן. די דערציאונג שאַפט אַזעלכע טיפּן און אויב עלטערן באַקלאָגן זיך אַמאָל אַפן עגאָיזם פון זייערע דערוואַקסענע קינדער זאָלן זיי זיך דערמאָנען ווי אַזוי זיי האָבן זייער קליינוואַרג דערצויגן...

## די באַציאונג צו עלטערן,
## אַמאָל און היינט

די עלטערן זיינען אַמאָל געווען אַ סך שטרענגער צו זייערע קינדער ווי היינט און דאָך איז אַ פאַקט, אַז די קינדער זיינען היינט פיל קעלטער אין זייער באַציאונג צו די עלטערן ווי פאַרצייטן און עס טרעפט, אַז ווען זיי ווערן דערוואַקסן ווילן זיי אינגאַנצן פון זייער „אַלטוואַרג" נישט וויסן. אמת, די רעליגיע האָט דערביי געשפּילט אַ געוויסע ראָלע, דער כבד את אָביך ואת אמיך, גיב אָפּ כבוד דיין פאָטער און מוטער, איז אַ געבאָט פון דער תורה, וואָס איז דורך די גלויביקע שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרן. ווען עס איז אָבער שוואַכער געוואָרן דער גלויבן, איז אויך שוואַכער געוואָרן דער בונד, וואָס האָט פאַרייניקט די עלטערן מיט די קינדער.

די דערציאונג האָט אָבער אין דעם נישט קיין קלענערע באַ-דייטונג. אין דער רעליגיע איז דער כבוד-אָב געקומען ווי אַ דין. בײַ אַ גוטער דערציאונג דאַרף קומען דאָס געפיל פון פאָטער-ערע נישט ארויפגעצוואונגענערהייט נאָר ווי אַ נאַטירלעכער אויס-דרוק פון די מאָראַלישע באַגריפן און פון די גוטע כאַראַקטער-אייי-

גנשאַפטן, וואָס דאַרפן אנטוויקלט ווערן באַ די קינדער אין דער פריסטער יוגנט.

דאָס פאַרצייטיקע אידישע קינד האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ שטרענגן רעזשים פון אַ פּאַטריאַרכאַלער משפחה, וואו דער פאָ־טער איז געווען דער אבסאָלוטער הערשער, און באַ די קינדער פלעגט פון דער פריסטער יוגנט זיך אויסבילדן אַ געפיל פון פּיע־טעט צו די עלטערן, וואָס פלעגט רעגולירן די באַציאונגען צווישן די עלטערע און אינגערע דורות.

אין די היינטיקע צייטן איז די פאַמיליע פריי פון אויסערלעכע צוואַנגען. זי איז אין איר עצם דעמאָקראַטיש, אַלע מיטגלידער פון דער משפחה האָבן גלייכע „רעכט" און אז זי זאָל נישט ווערן דעמאָראַליזירט און פריציימיק צעפאַלן, איז נייטיק צו שאַפן דעם אינערלעכן מאָראַלישן בונד — וואָס איז שטאַרקער פון אלע אויי־סערלעכע צוואַנגען — וועלכע זאָל אָנהאַלטן די אָרגאַנישע און מאָראַלישע גאַנצקייט פון דער משפחה, אזוי לאַנג זי דאַרף זיך האַלטן צוזאַמען.

און די דאָזיקע מאָראַלישע דיסציפּלין דאַרף באַשטיין אין אַ געפיל פון פליכט, פון אַרבעט און קעגנזייטיקער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס דאַרף דורכדרינגען אלע מיטגלידער פון דער משפחה, און אַזוי די עלטערן ווי די קינדער. אויך קינדער דאַרפן האָ־בן זייערע פליכטן און אַרבעטן, וואָס זאָלן דיסציפּלינירן זייערע אימפּולסן, שטאַרקן זייער ווילן און פאַרפיינערן זייער כאַראַקטער.

ווען דאָס קינד בעט עפּעס צו דערלאַנגען און די מוטער זאָגט: —גיי דו, מיין קינד, פאַר דיר איז אַ גאַנג לייכטער, — הייבט אָן דאָס קינד פאַרשטיין און מיטפילן מיט דער מוטער, וואָס קען זיך נישט באַוועגן אזוי אָפט און מיט אַזאַ לייכטקייט ווי אירע קינ־דער. און אַנטוויקלען אין קינד אַ פאַרשטענדעניש פאַר פרעמדע ליידן און געפילן און אַ גרייטקייט דעם צווייטן צו העלפן, איז דער עיקר גרעסטער געבאָט פון כאַראַקטער־אויסבילדונג און פון אַ געזונטער דערציאונג.

אמאָל איז צווישן עלטערן און קינדער געלעגן אַ געוויסע

מחיצה פון אָנגעצויגענער קאַלטקייט, היינט איז מען אריינגע־פאַלן אין צווייטן עקסטרעם, און מען לאָזט פריי די סענטי־מענטן און מען באַגיסט מיט צו פיל ליבשאַפט די קינדער, וואָס ווערן דערפאַר קאַפּריז, ווילנלאַז, פויל, עגאָיסטיש און שטאַרק עמפּפינדלעך.

עס זיינען דאָ א סך מוטערס, וואָס זעען אויס צו זיין דינסטן בא זייערע קינדער און דערפילן אלע זייערע קאַפּריזן, און האָבן אַ מינע פון שטענדיקער גרייטקייט צו דינען אפן מינדסטן וואונק, וואָס בערעלע צי פערעלע מאַכט נאָר. און בערעלע איז שוין דווקא אין די יאָרן ווען ער מעג זיך אליין באַדינען און פערעלע, לאָמיר זאָגן, מעג שוין אפילו העלפן דער מאַמען.

אָבער עס גייט נישט אין דעם מען זאָל באַלאַסטן די קינדער מיט שטוב־אַרבעט און זיי האלטן אונטער אַ דיסציפּלין פונעם זיידנס קאַנטשיק אָדער דער באָבעס מוסר. ניין! עס האנדלט זיך בלויז אין די דערציערישע מיטלען, וועלכע דאַרפן אָנגענו־מען ווערן אף אויסצובילדן אינעם קינד אַ פיינעם און מענטשנלי־בנדיקן כאַראַקטער, מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר פרעמדע געפילן און ליידן, און מיט אַ באַציאונג, דרך־ארץ און ליבע צו די איי־גענע עלטערן.

# קינדער עגאָיסטן

בערעלע, דער בן־יחידל, איז אַלט פיר יאָר; ער איז שטאַרק צעפּיעשטשעט און וויל נישט עסן. מיטן ערשטן געריכט איז נאָך ווי עס איז. נאָר קומט עס צו דער זופּ, ווערט ער גיך מיד און לייגט אַוועק דעם לעפל. די מאַמע קומט אים צו־הילף און מיט צרות קומט מען ווי נישט איז איבער דעם טעלער.

באַ די פּרוכט בלייבט בערעלע ווידער שטיין און וויל מער נישט עסן. ער האָט זיך איינגעעקשנ׳ט ווי אַ יונגער אייזעלע, און די מאַמע קען אים נישט בייקומען. זי גיט אים אַן עפּל, אַ באַרנע, ווייַנטרויבן — עס העלפט נישט. נאָר אָט איז די טרייע און קלו־גע מאַמע געפאַלן אויף אַן איינפאַל: — גיכער עס, זאָגט זי, אַז ניט וועל איך עס אָפּגעבן שמערעלען!

אויף בערעלען מאַכט אָבער נישט די דראָונג דעם דערוואַר־טעטן איינדרוק. ער נעמט אויף דער מאַמעס דעקלאַראַציע מיט אַ פילאָזאָפישער רואיקייט און שפּילט זיך גאָר מיטן פערדל.

בא דער מאַמען איז עס שוין אָבער אריין אין אמביציע: דאָס קינד מוז עסן פרוכט! גייט זי און רופט שמערעלען, דעם שכנס אינגעלע.

—זעסט, בערעלע, — ווענדעט זי זיך צו איר בן־יחידל—ועסט נישט עסן די וויינטרויבן וועל איך זיי אָפּגעבן שמערעלען, און פאר דיר גאָרנישט!...

איצטער מאַכט שוין די דראָונג אַן עפעקט. ער זעט ווי עס שטייען אין געפאַר „זיינע" וויינטרויבן. אינסטינקטיוו גיט זיך בערעלע אַ צי צום טעלער, לאָזט אָפּ דאָס פערדל און נעמט זיך צו די פרוכט. — „מיינע!", — דערקלערט ער אין אַנגעזיכט פון דער געפאַר, און נעמט זיך צום עסן; ער שטאָפּט גיך, גיך די וויינטרויבן אין מויל אריין, עס זאָל נישט בלייבן פאר שמערעלען.

און אַזוי בא יעדן עסן. אז ס'איז נישטאָ שמערעלע דראָעט די מאַמע אליין אויפצועסן בערעלעס מאַכלים, אדער אָפּצוגעבן דעם טאַטן, דעם פערדל, דעם קעצל — און בערעלע עסט, קיין עיך־הרע זאָל אים ניט שאַטן...

פיזיאָלאָגיש איז עס, מעגלעך, אַלץ אין אָרדענונג, אָבער ניט מאָראַליש. אויב די גוטע מאַמע פאַרדאַרבט נישט דעם מאָגן פון קינד, פאַרדאַרבט זי אָבער זיין כאַראַקטער און עס וואַקסט אויס אַן עגאָיסט, וואָס וועט נאָר טראַכטן וועגן זיך, וואָס וועט אָפּ „זיינס" קיינמאָל נישט מוותר זיין און וואָס וועט נאָר טראַכטן ווי בעסער צו באַפרידיקן זיינע אייגענע פאַרלאַנגען, אינטערעסן און קאַפּריזן.

ווען בערעלען וועט מען לערנען זיך טיילן מיט שמערעלען, וועט ער אפשר ווייניקער עסן, אָבער ער וועט דערפאַר זיין בעסער, ברייטהאַרציקער, גרויסמוטיקער און מענטשלעכער.

פונקט ווי מען דאַרף שפּייזן דעם קערפּער פון קינד, עס זאָל וואַקסן און זיין געזונט, אַזוי דאַרף מען אויך פלעגן זיין גייסט. אַ גוטע מאַמע, וואָס וועט נישט פאַרדאַרבן דעם מאָגן פון קינד מיט שלעכטע שפּייז, דאַרף אויך נישט פאַרדאַרבן דעם כאַראַקטער פון קינד מיט שלעכטע ביישפּילן און מיט שלעכטע געוואוינהייטן.

## יעדעס קינד איז אַ וועלטל פאַר זיך...

אין לעבן שטויסט מען זיך אָפט אָן אויף אַזעלכע דערשיינונגען, וואָס לייקענען אָפּ אַזוי די טעאָריע פון ירושהדיקייט ווי אויך די טעאָריע, וואָס גיט צו אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט דעם כוח פון דערציאונג.

עס טרעפט, אַז קינדער פון איין טאַטע־מאַמע זיינען אין כאַראַקטער, אין זייערע נייגונגען, אין זייער פיזישן געבוי און אפילו אין זייער געשמאַק גאַנץ פאַרשיידן. די זעלבע ירושה־אייגנשאַפטן און די זעלבע סביבה, און דאָך גאַנץ פאַרשיידענע טיפּן! מען זעט אָפט קינדער, וועלכע האָבן פון איין ברוסט געזויגן און וואָס האָבן די זעלבע דערציאונג באַקומען, און וואָס זיינען אין גרונט גאַנץ אַנדערע מענטשן, ווי פון פאַרשיידענעם טייג געקנאָטן.

אָבער דאָס איז נאָר אַזוי אויבנאויף. אַ טיפערע באַאָבאַכטונג קען באַ אייסערלעך פאַרשיידענע מענטשן געפינען פיל געמיינזאַמע און ענלעכע כאַראַקטער־שטריכן. און פון דער אַנדערער זייט, קענען איינע און די זעלבע עלטערן נישט גלייך זיך באַציען צו זייערע אייגענע קינדער. עס טרעפט אָפט, אַז עלטערן ווייזן אַרויס צו איין קינד מער אויפמערקזאַמקייט און ליבע און צו אַ צווייטן ווייניקער, און דאָס מוז אומפאַרמיידלעך אויסבילדן אַ פאַרשיידענעם כאַראַקטער־בוי באַ זייערע קינדער.

פון צוויי קוואַלן שעפּט דער מענטש זיינע ירושה־עלעמענטן: פון זיין פאָטער און פון זיין מוטער. אַזוי קענען אין איינעם מער דאָמינירן די פיזישע און פּסיכישע אייגנשאַפטן פון זיין פאָטער און אין צווייטן דאַקעגן, קענען מער קומען צום אויסדרוק די כאַ־ראַקטעריסטישע שטריכן פון דער מוטער.

דער סודותפולער פּראָצעס פון ירושה־ווירקונג איז נאָך דורך דער וויסנשאַפט ווייט נישט אויפגעקלערט און מיר באַטראַכטן פאַר אַ נאַטירלעכער דערשיינונג דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון די גייסטיקע און פיזישע אייגנשאַפטן, וואָס אונטערשיידן די מענטשן, מעגן זיי אַפילו שטאַמען פון דער זעלבער סביבה און פון די זעל־ביקע עלטערן.

און די דערציאונג טאָר נישט זיין קיין סדום־בעטל, וואו יע־דער איינער ווערט אריינגעפּאַסט אין איינער און דער זעלבער מאָס און צוגעפּאַסט צו די זעלביקע פאָדערונגען. דער אויפטו פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק באַשטייט הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס זי האָט פּעסטגעשטעלט דעם פּרינציפּ פונעם קינדס פּערזענ־לעכקייט און פאָדערט די מעטאָדן פון דער דערציאונג צופּאַסן צו די אויפנאם ־ פעאיקייטן און צו די אייגנשאַפטן פון יעדן קינד באַזונדער.

**יעדעס קינד איז אַ וועלטל פאַר זיך; אַ וועלט, וואָס דרייט זיך אין די גרענעצן פון איר סביבה, אָבער וואָס האָט אירע אייגע־נע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן און איר אייגענעם דרך אין לעבן. און נישט נאָר די לערער מוזן זיך רעכענען מיט די כאַראַקטער־באַ־זונדערקייטן פון יעדן קינד, נאָר אויך די עלטערן מוזן אין אַכט נעמען די אייגנטימלעכקייטן פון זייער יעדן קינד באַזונדער.**

אַ גוטע מוטער ווייסט, וואָס יעדעס קינד אירס דאַרף עסן; ווייל אָפטמאָל טרעפט, אז דאָס וואָס איז גוט פאַר איינעם איז שעדלעך פאַרן צווייטן. מיט די גייסטיקע פעאיקייטן דאַרף מען אויך זיין אַזוי איבערקלייבעריש און די באַציאונג צום קינד, ווי די דערציאונג בכלל, דאַרף צוגעפּאַסט ווערן צו די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון יעדן קינד באַזונדער.

# צערטלט נישט צו פיל די קינדער

ס׳האט דער מאַמעס ליבשאַפט
נישט געלאָזט
ווערן מיד אַ פויגל...

איציק מאַנגער.

גערהאַרדט הויפּטמאַן, האָט אין איינער פון זיינע דראַמעס געזאָגט, אַז די פאַמיליען־קייטן זיינען די שווערסטע און פיינלעכסטע, וועלכע דעם מענטשן קומט אוים צו טראָגן אין לעבן.

אמת, די פאַמיליע בינדט, פענטעט און שמידט אָפּט צו דעם גייסט פונעם מענטשן צום ענגן און באַגרענעצטן פאַמיליען־קרייז. אָבער דער מענטש נעמט אָן פאַר ליב זיינע פענטעס און ער קושט די קייטן, וואָס פאַרבינדן אים מיט זיינע ליבע און טייערע וועזנס אין איין ענגן און טיף־האַרציקן פאַמיליע־בונד, וועלכער איז געהייליקט דורך דער פאַרוואַנדשאַפט פון בלוט און פון גייסט, דורך דער געמיינזאַמקייט פון געפילן, צילן און אינטערעסן.

די „פאמיליע-קייטן", וועלכע זיינען אויסגעשפינט פון ליכטי-קע ליבע-שטראלן און פון זים-פיינלעכע פליכטן, קאנען אבער אפט ווערן אמתע פענטעם און זיך פארוואנדלען אין שטריק, וואס בינדן דעם גייסט, דעם געמיט און דעם גאנצן וועזן פון מענטשן.

דעם זעלבן געדאנק האט אף א בילדערישן אופן אויסגעדריקט אין זיין ליד „א פויגל" דער בארימטער אידישער דיכטער, איציק מאנגער. א אינגל — זאגט דער דיכטער — איז באגייסטערט גע-ווארן מיט א גרויסן אידעאל, מיט א העלזועררישער וויזיע; ער פילט ווי עס וואקסן אים פליגל, ווי עס ווערט לייכט זיין קערפער, ער הייבט זיך אויף אין דער לופטן — נאר דער מאמעס קאלאשן, מיטן שאליקל, מיט דעם ווארעמען לייבל און מיט איר גאנצער צארטער, טרייער, אבער גלייכצייטיק אויך שווערער לאסט פון דער מוטער-ליבשאפט, ציען אים צוריק, צו דער ערד...

און עס זיינען דא א סך אזעלכע, וועלכע וואלטן פיל העכער „געפליגן" און פיל ווייטער פארגאנגען, ווען נישט די צארטע פענטעם פון זייערע נאענטע און ליבע.

עס זיינען באוואוסט פאלן, ווען מאלפעס דערשטיקן פון ליב-שאפט זייערע ניי-געבוירענע קינדער. א מאלפע-מאמע קען אזוי א דריק טון איר קינד צו איר מאמע-הארץ, אז דאס נפשל זאל בלייבן טויט אין אירע ארעמס.

מיט מענטשן-מאמעס פאסירט אפט דאס זעלבע, אבער אף אן אנדער אופן. די איבערגעטריבענע ליבשאפט, די צו-שטארקע זארג, און די שטענדיקע אויפזיכט פון אייניקע, שוין צו פיל גוטע און צו פיל טרייע עלטערן, רופט זיך אפ פאטאל אף זייערע קינדער, און אויב זיי בלייבן דאך לעבן, ווערט אבער שווער פארוואונדעט זייער נשמה, און עס פאלן אלס קרבן א סך פון זייערע שענסטע און ווי-טאלסטע אייגנשאפטן, און עס גייען פארלארן זייערע אינטערע-סאנטסטע און וויכטיקסטע כאראקטער-שטריכן.

א קינד, וועלכעס ווערט שטענדיק באדינט, בא וועלכן מען כאפט ארוים יעדע איניציאטיוו, וועלכן מען דערלאזט נישט צו מאכן די מינדעסטע פיזישע און גייסטיקע אנשטרענגונג, איבער-

ווערלכן מען וואכט אין שטענדיקער גרייטקייט אים צו העלפן, עצהן, ווייזן און פירן — אזא קינד וועט זיך נישט אויסלערנען אליין צו וואכן איבער זיך, וועט נישט האבן קיין מוט עקשנותדיק שטרעבן צו זיין ציל, און וועט נישט וואגן אונטערצונעמען קיין שום זאך, וואס פאדערט א גרעסערע אנשטרענגונג און אויסדויער.

ווייכלייביקע, ציטעריקע, איניציאטיוולאזע, נאכגיביקע, ווי־לנסלאזע, קאפריזנע און כאראקטערלאזע מענטשן, — זיינען אנגע־פוילטע פירות פון א צו פעטן באדן, קינדער פון צו זאטע און צו ווארעמע היימען, פראדוקטן פון צו פיל ליבשאפט און צו פיל זארג.

די וואס ווערן אויפגעהאדעוועט אין א סביבה פון צו פיל צערט־לעכקייט און ווארעמקייט, וואגן נישט אונטערצונעמען קיין שום זעלבסטשטענדיקן און געוואגטן שריט און זיך לאזן „פליען", — ווי דער דיכטער האט זיך אויסגעדריקט.

דער מאמעס ליבשאפט האט „נישט געלאזט ווערן מיך א פויגל" און עס זיינען דא א סך אזעלכע „פייגל", וואס וואלטן גע־דארפט פליען און בלייבן קריכער... און אזעלכע אדלערס מיט אונ־טערגעהאקטע פליגלען מאכן א פיינלעכן איינדרוק אין לעבן.

# קינדער, וואָס פאַרגעסן זיך עסן

באַ קינדער שטאַרק־אָפּגעהיטע, ציטעריקע און פאַרצערטלטע בלײַבן אומאַנטוויקלט אַ גאַנצע רײ געפילן און פעאיקייטן, ווײַל די פונקציעס וועלכע זיי דאַרפן אויספילן ווערן אָפּגעטון דורך זייערע עלטערן.

אייניקע גוטע טאַטעס און טרייע מאַמעס זיינען אַזוי „דינסט־גרייט", אַז זיי רעדן, אַרבעטן, פילן און געדענקען אַפילו אָנשטאָט זייערע קינדער. אײַן זאַך נאָר: זיי עסן נישט פאַר זייערע קינדער. פאַרקערט, ערשט באַ אַזעלכע עלטערן עסן געוויינטלעך די קינדער פאַר צווייען און זיי ווערן איבערגעשטאָפּט און איבערגעפילט מיט שמאַלץ ווי גוט־אויסגעקאָרמעטע הינדלעך אף פּסח.

אָט ווערן יונגע טאַטע־מאַמע צעשמאָלצן פאַר פרייד באַם בעטל פון זייער ערשטלינג. זאָל זײַן מיט יאָרן. ווי דאָס קינד עפנט נאָר דאָס פּיסקעלע כאַפּט באַ אים די מאַמע דאָס וואָרט אַרויס, זי לאָזט עס נישט רעדן און חלילה ניט שרייען; זי רעדט צו אים מיט אַ קינדער־שפּראַך, האַלבע ווערטער, דאָס מענטשעלע זאָל לייכטער צעקייען, ווייל עס האָט נאָך נישט קיין ציינדלעך.

הייבט אָן דאָס דאָזיקע מענטשעלע צו רעדן שפּעטער ווי אַלע אַנדערע קינדער אין זײַן עלטער, און עס רעדט האַלבע ווערטער, עס קען נישט אויסריידן אַלע אותיות, און עס פאַרטשעפּעט זיך און פאַרהיקעט זיך באַ יעדן וואָרט.

מען דאַרף די קינדער נישט נאָר לאָזן ריידן, נאָר אַפילו שרייען און וויינען אַביסל. ערשטנס, אַנטוויקלען זיי באַם וויינען זייערע שטים־בענדער און צווייטנס, איז עס פאַר קליינע קינדער אַ געוווי־

סע איבונג, וואָס מאַכט מעטיק דעם גאַנצן אָרגאַניזם און העלפט מיט דער פאַרדייאונג.

נאָר אַט ווערט דאָס קינד עלטער, עס קען און עס דאַרף זיך שוין אַליין באַדינען, נאָר עס האָט אַ מאַמען, ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, באַדינט אים די מאַמע. און ווען דער טאַטע — טאַטעס זיינען דאָך הארצלאָזע מענטשן — שיקט דאָס קינד אַ גאַנג, זאָל זיין אַפּי־לו דערלאַנגען עפּעס צום טיש, פאַרלויפט אים די מאַמע דעם וועג — זי לאָזט דאָס קינד זיצן און איז זיך אַליין מטריח.

—דאָס קינד עסט, — טראַכט די גוטע מאַמע — ווייל זי ניט פאַרשטערן זיין אַפּעטיט מיט פליכטן און געפילן צום טאַטן, זאָל עס זיך בעסער אריינטראַכטן און אריינפילן אין טעלער, וועט עס מער הנאה האָבן.

די מאַמע פאַרשפּאָרט דעם קינד די אַרבעט פון פילן, זי אַנטוויקלט נישט אין אים דעם איידעלן געפיל פון באַוואוסטזיין פאַר פליכט, פון גרייטקייט מקריב צו זיין אַביסל פון דער אייגענער באַ־קוועמלעכקייט לטובת זיינע נאָענטע, אין דעם פאַל לטובת זיינע אייגענע עלטערן.

אייניקע עלטערן פאַרשפּאָרן זייערע קינדער אַפילו די אַרבעט פון געדענקען, זיי שפּילן די ראָלע פון אַ זכרון בײַ די קינדער און דערמאַנען זיי צו עסן, האָבן דעם מאָגן, מאַכן די לעקציעס, זיך וואַשן, אויסמישן דאָס גלאָז מילך און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועלכע די־קינדער אַליין וואָלטן געדאַרפט האָבן אין זינען.

קינדער אַזעלכע פאַרגעסן זיך צו עסן און דערפילן ניט זייערע אינטימסטע באַדערפעניש ביז מען דערמאַנט זיי נישט, און אַזוי קענען זיי ארומגיין טעג גאַנצע — און זיי פאַרגעסן זיך טאַקע — און נאָר דערפאַר ווייל מען דערמאַנט זיי, ווייל די עלטערן נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו געדענקען דאָס, וואָס דאָס קינד וואָלט געדאַרפט אַליין אין זינען האָבן.

מען דאַרף איבער די קינדער ניט שטיין מיט קיין קאַנטשיק, אָבער אויך נישט מיט קיין פאַרטוך און מיט קיין טייטל. וואָס ווייני־קער מען וועט די קינדער מאָנען און דערמאָנען, אַלץ מער וועלן זיי געדענקען צו דערפילן זייערע פליכטן און באַדערפעניש.

## זייט נישט קאַרג אַף אַ גוט וואָרט

אַף אַ סך שוועריקייטן שטויסט זיך אָן דאָס קינד אין קאַמף פאַר זיין זעלבסטשטענדיקייט, פאַר זיין וויסן און פאַר זיין לעבנס־דערפאַרונג. דאָס קינד מוז זיך אויסלערנען באַהערשן זיינע אינס־טינקטן, צוימען זיינע אימפּולסיווע פאַרלאַנגען און זיך אויסבילדן אַ געוויסע דיסציפּלין און אַ געווּג־שטאַרקן ווילן נאָכצוקומען די איינגעשטעלטע לעבנס־נאָרמען פון דער היים, פון דער שול און פון דער געזעלשאַפט.

אין די פרימאָרגן־שעהן איז גוט צו ליגן אין בעט, מוז אָבער דאָס קינד אויפשטיין און גיין אין שול. באַטאָג איז גוט זיך צו שפּילן, מוז מען גאָר זיצן און מאַכן די לעקציעס. שרייבן „קאַטשע־רעס און לאַפּעטעס" איז לייכטער, דאָס קינד שטרענגט זיך אָבער אָן און שרייבט שיינע אותיות.

דאָס אַלץ פאָדערט אַ געוויסע אָנשטרענגונג פון ווילן, פון גע־דאַנק און פון גאַנצן אינטעלעקט. דאָס קינד דאַרף בייקומען זיין איינגעבוירענע פוילקייט און פרייוויליק זיך אָפּזאָגן פון אַ סך גוטע

און באַקוועמע זאַכן. דאָס איז אַ קאַמף אין וועלכן עס בילדעט זיך אויס זיין כאַראַקטער און עס פאַרמירט זיך זיין ווילן און זיין פערזענלעכקייט.

דאָס איז דער ערשטער לעבנס-קאַמף פון קינד, אין וועלכן די עלטערן מוזן אים אַרויסהעלפן.

אָבער דאָס הייסט נישט, אַז די עלטערן דאַרפן אַרבעטן פאַרן קינד. פאַרקערט, אַזאַ מין הילף איז נאָר אַ קאָנצעסיע דער פויל-קייט. דאָס קינד דאַרף פּינקטלעך דערפילן זיינע פליכטן און אָפּ-טון אַליין אַלע זיינע אַרבעטן. די אויפגאַבע פון די עלטערן איז נאָר צו סטימולירן דעם קינד און אים צוגעבן חשק, מוט און גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות.

ווען דער טאַטע, אָדער די מאַמע, וועלן מאַכן דעם קינדס לעקציעס, וועט דאָס פאַר אים זיין אַ בערישע טובה. נאָך ערגער איז ווען דאָס קינד שטויסט זיך אָן אויף געוויסע שוועריקייטן און די עלטערן הייבן אים אָן שטראָפן און שרעקן, אַז פון אים וועט שוין קיין „לייט נישט זיין”, אַז ער איז אַ „פאַרפאַלענער מענטש”, אַ „טויגעניכטס אויף גאָטס וועלט”, אָדער גאָר „אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ” פון וועלכן די פאַמיליע וועט שוין קיין נחת נישט האָבן.

און אַז מען קלאַפּט עס לאַנג אַריין אין קינדס קאָפּ — און איי-ניקע מאַמעס קענען די מלאכה — הויבט אָן דאָס קינד גלויבן, אַז עס איז טאַקע אַ טויגעניכטס און אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ, ערגער פון אַלע אַנדערע קינדער, מיט וועלכע עס וועט זיך שוין נישט אויסגלייכן, אַפילו ווען עס זאָל דאָס וועלן.

און אַז מען רעדט איינעם איין, אָדער ער רעדט זיך אַליין איין, אַז אַ וואָסערע נישט איז אַרבעט איז נישט פאַר זיינע כוחות, וועלן זיך בא אים די הענט אַראָפּלאָזן ווי נאָר ער וועט זיך צו דער אַרבעט צושטעקן.

ווער עס האָט מורא פאַר וועלף טאָר אין וואַלד נישט גיין — זאָגט מען. מורא, אומזיכערקייט און אומגלויבן זיינען נעגאַטיווע פאַקטאָרן, וואָס טאָרמאָזירן אַלע גייסטיקע און פיזישע קרעפטן.

גלויבן און מוט דארף מען האָבן נישט נאָר אף צו גיין אין וואַלד, נאָר באַ יעדער ארבעט, באַ יעדער איניציאַטיוו, באַ יעדן פּלאַן, און אפילו באַ יעדער אויפגאבע, וועלכע אַ שילער נעמט זיך אונטער צו מאַכן.

**קינדער באַמיען זיך צו זיין אַזוי ווי די עלטערן שטעלן זיי פאָר און זיי פארווירקלעכן, דאָס רוב, די אייגנשאַפטן אין וועלכע מען האָט זיי איינגערעדט.** די קינדער דארף מען דעריבער ניט אָנ־שרעקן מיט קיין שוועריקייטן, נישט מאָלן און צעשמירן קיין חסרו־נות, נאָר אַרויסברענגען און זיי איינריידן דווקא אין מעלות, וועל־כע זיי האָבן נאָך אפשר נישט, **אָבער וועלכע זיי וועלן באַקומען אויב זיי וועלן נאָר גלויבן, אז די דאָזיקע מעלות זיינען פאַר זיי צוטריטלעך און מעגלעך.**

ווען אַ קראַנקער, למשל, גלויבט אין די כוחות פון זיין וויטאַ־ליטעט און דערלאָזט גאָרנישט דעם געדאַנק פון אַ פארערגערונג, האָט ער אויך מער שאַנסן געזונט צו ווערן. דער גלויבן גיט אים קראַפט, ער פארלירט נישט דעם מוט, זיין גייסט בלייבט מונ־טער און לעבעדיק, און דאָס ווירקט ווי אַן אָפּפרישנדיקער קוואַל אפן גאנצן אָרגאַניזם, וואָס באַקעמפט מיט אַ טאָפּלטער קראַפט די צעשטערערישע עלעמענטן פון דער קראַנקייט.

גאַנץ אַנדערש איז ווען דער קראַנקער רעדט זיך איין, אַז ער איז פארלאָרן, אַז ער גייט אונטער, אז עס וועט אים נישט העלפן קיין רבי און קיין רופא. אין אַזאַ פאַל וועלן די מוטלאָזיקייט און אומגלויבן שאַפן פינצטערע פאָרגעפילן, וואָס וועלן אינגאַנצן רו־איִנירן דעם אָרגאַניזם און ברעכן זיין ווידערשטאַנדס־קראַפט.

דאָס קינד דארף מען אויפמונטערן און צוגעבן מוט אין זיך אַליין צו זוכן די קרעפטן אף צו באַזיגן אַלע שוועריקייטן. אַ גוט וואָרט איז אין דעם פאַל די בעסטע און ווירקזאַמסטע הילף, וואָס קען דעם קינד ביישטיין אין אַלע נסיונות. מען דארף נישט זיין קאַרג אף אַ גוט וואָרט ווען דאָס קינד איז גוט און אַרבעטסזאַם; איז עס אָבער שלעכט אָדער אומפעאיק, טאָר מען אים נישט „אָפּ־שלאָגן די פליגלען" און צונעמען דעם חשק ווייטער צו קעמפן.

## ווי אַזוי צו באַווירקן די קינדער
## אָן קלעפּ און אָן „נערוון"

ווירקן אף אַ קינד, ווי אף יעדן מענטשן, קען מען מיט גוטן און מיט בייזן, עם הייסט, מיט אַ שטעקן און מיט איבערצייגונג. פארשטייט זיך, אַז אָפּערירן מיט אַ שטעקן איז אַ סך לייכטער, אי־בערהויפּט נאָך ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ שוואַך באַשעפע־ניש ווי אַ קינד, וואָס קען קיין ווידערשטאַנד ניט שטעלן און וואָס מוז אָננעמען פאַר ליב יעדע שטראָף און קושן די רוט, וואָס שמייסט אים.

אף פיזיש צו באַשטראָפן דאָס קינד דאַרף מען קיין גרויסער בריה נישט זיין. צו דעם דאַרף מען נישט קיין שכל, נאָר הענט מיט אַ קאַנטשיק, אָדער א מויל מיט קללות און זילזולים, וואָס קלאַפּן ווי מיט אַ דובינע איבערן קינדס קאָפּ, און אוים מורא פאַר דער מאַמעס מענה־לשון אָדער פאַרן טאַטנס קלעפּ גיט זיך דאָס קינד אונטער.

די שטעקן־אַרגומענטן, ווי די קללות, דראָונגען און געשרייען ווירקן בלויז אויבערפלעכלעך. זיי איבערצייגן נישט, אָבער לאָזן זיך גוט פילן. און אוים מורא פאַר דעם דאָזיקן אומאַנגענעמען געפיל פון פיזישן אָדער מאָראַלישן ווייטיק, דערשטיקט דאָס קינד זיין אייגענעם ווילן און וואַרפט זיך אומגערן אונטער דעם פאַר־לאַנג פון די עלטערן.

באַווירקן דאָס קינד מיט גוטן, און אים אינספּירירן אין אַ גע־וואונטשענער ריכטונג, אָדער צו באַשטימטע האַנדלונגען און טאָטן, איז, נאַטירלעך, אַ סך שווערער ווי פאָכען מיטן קאַנטשיק אָדער שיסן מיט קללות אָן אָנצוואַרפן אַ פּחד.

אָבער באַווירקן און באַהערשן אַ צווייטן איז מעגלעך נאָר דאַן ווען מען באַהערשט זיך אַליין. זעלבסטבאַהערשונג, רואיקייט, צילבאַוואוסטזיין, זיכערקייט און גלויבן אין זיך זיינען די עלעמענ־טן, וואָס שטעלן צוזאַמען די אַזויגערופענע סוגעסטיווע קראַפט, דעם כוח צו באַווירקן אַ צווייטן. פעלט איינער פון די עלעמענטן איז דער סוגעסטיווער איינפלוס נישט קיין פולער.

דער וואָס הערשט נישט איבער זיינע אייגענע געפילן, וועט אויך נישט באַהערשן קיין צווייטן. — איזהו גבור? הכובש את יצרו. אַ גבור איז דער, וואָס באַזיגט זיין יוצר־הרע, זיינע אינס־טינקטן. און וויל מען נישט הערשן איבער די קינדער מיט פיזי־שער גבורה און זיי לערנען מיט דער פויסט, מוז מען באַזיצן די גייסטיקע גבורה פון געדולד און זעלבסט־קאָנטראָל, אָן אויסברוכן פון היסטעריע און כעס, וואָס קענען נאָר אָנוואַרפן אַ מורא, אָבער נישט איבערצייגן און גייסטיק־דיסציפּלינירן די קינדער.

מיר וועלן קלאָרער מאַכן דעם געדאַנק מיט אַ בילדערישער פאָרשטעלונג פון דער סוגעסטיווער ווירקונג, ווי אַ קאַמף פון צוויי צדדים. איין צד, לאָמיר זאָגן די מוטער, שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו באַווירקן דאָס קינד עס זאָל עסן. דאָס קינד שטעלט אַ ווידער־שטאַנד, און עס שפּילט זיך אָפּ אַ שטילער דראַמאַטישער קאַמף באַם פאַמיליען־טיש.

פון איין זייט, קעמפט דער ווילן און באַוואוסטזיין פון דער

מוטער, וועלכע פאַרשטייט, אַז דאָס קינד דאַרף עסן און וואָס נוצט אוים אַלע מיטלען אין איר רשות אָף צו באַווירקן דאָס קינד; און פון דער אַנדערער זייט, שטייט די עקשנות און די פוילקייט פון קינד, אָדער גאָר זיין ווידערווילן צו אַזאַ מאכל.

עס! — זאָגט די מוטער קורץ און איבערצייגנדיק, — דאָס וועט דיר מאַכן גוט און דו וועסט אויסוואַקסן אַ שיינ און געזונט מיידעלע. — דאָס קינד לאָזט זיך ענדלעך איינריידן, אין זיין נשמה קומט פאָר אַן אינערלעכער קאַמף: עס וויל זיין שיין און געזונט, ברעכט עם דעם ווידערווילן, פאַרטרייבט די פוילקייט, אונטערדריקט די עקשנות און נעמט זיך לעבעדיק צו אַרבעטן מיט דעם לעפל.

עס הייסט, אַז דער קאַמף האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסער מאָראַלישער דערגרייכונג פאַר ביידע צדדים. די ווילנס-קראַפט און טאַקט פון דער מוטער האָבן אַרויסגערופן אַן ענלעכן אויסדרוק פון דער ווילנס-ענערגיע באַם קינד, וואָס האָט באַהערשט אין זיך זיינע אינסטינקטיווע אימפולסן און האָט פרייוויליק און באַוואוסט-זיניק אָנגענומען און געמאַכט פאַר זיינע, די פאַרלאַנגען און די מיינונגען פון דער מוטער.

די מוטער האָט דעם זעלבן רעזולטאַט געקענט דערגרייכן מיט אַ שטעקן אָדער מיט „נערוון". דאָס קינד וואָלט טאַקע געגעסן אָבער איבערגעוואַלד, אוים מורא, אָן איבערצייגונג אין דער נוצלעכקייט פון זיין „קרבן", אָן דעם גרויסן דערציערישן ווערט פון זיין אייגענער ווילנס-אַקציע און אָן דער ליבער, האַרציקער און האַרמאָנישער שטימונג, וואָס ווערט געשאַפן דאָרט, וואו עס ווערט באַוואוסטזיניק אָנגעווענדעט דער פרינציפּ פון באַווירקן די קינדער מיט גוטן און נישט מיט בייזן; דער פרינציפּ פון באַאיינפלוסן מיט דער קראַפט פון איבערצייגונג און גוטע ביישפּילן, און נישט מיטן כוח פון קלעפּ, געשרייען און „נערוון".

# מיט קיין מוסר מאַכט מען
# קיין קינדער נישט בעסער

די מאָדערנע דערציאונג האָט דעם קאַנטשיק אַרויסגעוואָרפן פון שול און אויך פון שטוב. ער האָט שוין זיינס אָפּגעשמיסן, דער קאַנטשיק, און ס'איז שוין היינט אפילו איבעריק צו דערווייזן ווי שעדלעך עס איז די קערפּערלעכע שטראָף, וועלכע איז שטרענג פאַרבאָטן אין שול און איז שוין אויך „אַרויס פון דער מאָ־דע" אין שטוב.

אַמאָל האָט מען געהאַלטן, אַז די תורה דאַרף מען „אַריינ־קלאַפּן" אין די קינדערישע קעפּלעך, און דאָס שמייסן איז געווען אַ מידה נישט נאָר אין דער אידישער „פּעדאַגאָגיק", נאָר אויך אין דער ניט־אידישער שול איז דער קאַנטשיק געווען דער וויכטיקסטער „דערציאונגס־עלעמענט" אין די הענט פונעם לערער.

דער מוסר איז געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיטן קאַנטשיק, און אויב דאָס שמייסן איז באַשטימט געווען פאַרן זינדיקן גוף, האָט

דער מוסר געדארפט שטראפן די נשמה און האלטן אין פחד און הכנעה דעם גייסט פונעם מענטשן.

היינט איז דער קאנטשיק שוין אפגעשאפט, אבער עס לעבט נאך דער מוסר, און אייניקע לערער האלטן פאר זייער חוב פון צייט צו צייט אויסצומוסרן זייער קלאס און מיט מוסר־טענות אים ארויס־פירן אפן דרך־הישר.

א סך טאטעס, און באזונדערס די מאמעס, צייכענען זיך שטארק אוים אין מוסר און בא יעדער געלעגנהייט לייענען זיי פאר די קינדער ארוים א צעטל פון זייערע חסרונות און מאכן דאס קליינ־ווארג צוגלייך מיט דער בלאטע.

און דער הויפט־ציל פון מוסר איז צו דערוויזן דעם מענטשן זיין שפלות, זיין געפאלנקייט, ער זאל זיך נישט איבערנעמען און נישט פארלירן דעם דרך־ארץ פאר די עלטערע פון זיך, און פאר די, וואס שטייען העכער און וויסן בעסער.

אט טענהט א מאמע צו איר בן־יחיד: ביזט פויל ווי א קאץ, נאר דו ווילסט מען זאל דיך באדינען, אלץ דארף איך דיר דערלאנגען, פוילסט זיך אפילו צו פארבינדן די שיך; מעגסט זיך שעמען, אזא גרויסער בחור!...

אבער דער גרויסער בחור שעמט זיך געוויינטלעך נישט, און אויב די מאמע פארבינדט אים די שיך היינט, וועט ער דאס זעלבע אויך וועלן מארגן. א ביסל פארדריסן אים די מוסר־רייד, אבער אויב די טענות חזרן זיך איבער אפט פארשווינדט דער פארדרוס און עס בלייבט די איבערצייגונג, אז ער איז טאקע פויל און אז די מאמע דארף אים אלץ דערלאנגען, און אויב די מאמע וועט אים נישט אויפהערן צו באדינען, וועט ער זיך אליין אפילו די נאז נים אפווישן.

אזוי, אז מיטן אויסמוסרן דעם בן־יחיד האט די מאמע גארנים דערגרייכט, ווייל מוסר ווירקט געוויינטלעך ווי די טענה פון יע־נער באלעבאסטע צו דער קאץ, וועלכע האט געלעקט די סמעטע־נע. און די באלעבאסטע האט, ווי באוואוסט, געהאלטן א שיינע מוסר־דרשה, אבער די קאץ האט נישט אויפגעהערט צו לעקן...

# לערנט די קינדער צו זאָגן דעם אמת

עס ווערט דערציילט אין דער ביאָגראַפיע פונעם באַרימטן אַמעריקאַנישן פּרעזידענט, וואַשינגטאָן, אז ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָט ער זיך שפּילנדיק מיט זיין העקל אין גאָרטן אויסגעהאַקט עטלעכע יונגע ביימעלעך, וועלכע זיין פאָטער האָט מיט די אייגענע הענט פאַרפלאַנצט. ווען דער אַלטער וואַשינגטאָן האָט עס דערזען איז ער אויפגעבראַכט געוואָרן פון כעס און האָט קלאַפּנדיק מיטן פויסט אין טיש אויסגעשריגן: ווער האָט עס געטון? דאָס קליינע אינגל, וואָס האָט מיט יאָרן שפּעטער געגרינדעט די גרויסע אַמעריקאַנישע מלוכה, איז רואיק צוגעגאַנגען צום פאָטער און אַ פעסטער שטימע געענטפערט: — איך, פּאַפּאַ...

די אומדערשראָקנקייט פון אינגל האָט אזוי איבעראַשט דעם פאָטער, אז ער האָט אים בלויז באַשטראָפט מיט אַ לייכטן פאַרוואורף און מיט אַן אָנזאָג, אז ער זאָל מער נישט האַקן די ביימער פון גאָרטן.

דער פאַקט ווערט דערציילט ווי א ביישפּיל פון דער איינגע-

בוירענער מוטיקייט און ליבע צום אמת, וואס האט שטענדיק אויסגעצייכנט דעם גרויסן אמעריקאנישן פרעזידענט.

זייער מעגלעך, אז וואשינגטאן האט ווירקלעך פארמאגט אזעלכע איינגעבוירענע פעאיקייטן. פון דעם איבערגעבראכטן עפיזאד פון וואשינגטאנס יוגנט זעען מיר אבער, אז זיינע עלטערן האבן נישט אונטערדריקט און נישט פארקריפלט זיינע גוטע איינגעבוירענע אייגנשאפטן.

ווען דאס אינגל זאל וויסן, אז זיין פאטער וועט אים באשטראפן וואלט ער אויך אזוי אומדערשראקן זיך מודה געווען?— מעגלעך, אז יא; עס איז אבער זיכער, אז די עלטערן, וואס האלטן זייערע קינדער אין א שטענדיקן טעראר און מורא פאר קלעפ, צווינגען סוף־כל־סוף זייערע קינדער צו זאגן ליגנס, כדי זיך ארויסצודרייען פון דער אומפארמיידלעכער שטראף.

לאמיר זיך פארשטעלן א נארמאל קינד מיט נארמאלע איינגעבוירענע פעאיקייטן, וואס איז באגאנגען א פעלער און זיך מודה געווען פאר זיין פאטער, ווי דאס האט געטון דער קליינער וואשינגטאן. נאר דער פאטער פון דעם קינד, לאמיר זאגן, האט נישט פארמאגט די אינטעליגענץ און רואיקייט פון יענעם היסטארישן מאן, און אין אנפאל פון אויפרעגונג האט ער שטרענג באשטראפט דאס קינד.

דאך האט דאס קינד בא א צווייטער געלעגנהייט, ווידער ניט פארלייקנט זיינעם אן אפגעטוענעם פעלער, און דער פאטער האט אים ווידער באשטראפט. אפן יסוד פון דער אייגענער ווייטיקלעכער דערפארונג בילדעט זיך אויס באם קינד דאס באוואוסטזיין, אז קיין שום פעלער, נאכלעסיקייט און אומגעהארכזאמקייט וועט אים ניט געשענקט ווערן און פאר יעדן טאט, וואס וועט ניט נושא־חן זיין אין די אויגן פון זיין פאטער, וועט עס באקומען זיין פארציע קלעפ.

אבער עס איז דאך אומעגלעך, אז א קינד זאל זיך אמאל ניט פארזינדיקן און נישט איבערטרעטן די געבאטן פון פאטער. דער אינסטינקט פון אייגענער זעלבסטפארהיטונג זאגט אים דעריבער

אונטער ער זאָל אַף ווייטער פארלייקענען די פעלערן און נישט אויסזאָגן דעם פאָטער דעם גאנצן אמת, כדי אַף אזא מין אופן צו פארהיטן די' אייגענע ביינער פון שמיץ.

דאָס עלעמענטאַרע געפיל פון זעלבסט-פארטיידיקונג דיקטירט דעם קינד זיך צו באַשיצן פון די „גרויסע" און שטאַרקע, קעגן וועלכע עס איז אזוי אומבאַהאָלפן. מיט פיזישן כוח קען דאָס קינד קעגן די דערוואַקסענע נישט ארויסטרעטן, מיט דער קראַפט פון אַרגומענטן אויך נישט, לאָזט זיך עס אפן וועג פון לייכטסטן ווי־דערשטאַנד און טרעט אַרויס אין קאַמף מיט די גרויסע באַוואָפנט מיט דער פעאיקייט צו זאָגן ליגנס.

און געלינגט איין מאָל אַ ליגן און דאָס קינד מיידט אוים די שטענדיקע שטראָף, הערט עס שוין נישט אויף צו פארלייקענען דעם אמת און געוואוינט זיך צו זאָגן ליגנס נישט נאָר דעם פאָ־טער, נאָר אויך די אַלע אַרומיקע מיט וועלכע עס קומט נאָר אין באַרירונג.

**מען דאַרף אַ קינד לערנען זאָגן דעם אמת, און די גוטע און שיי־נע מידה לערנט מען נישט אויס מיט טעראָר און נישט מיט קיין קלעפּ.** די געוואוינהייטן פון דער יוגנט בלייבן אויך דאָס רוב אַפן גאנצן לעבן, און עס מאַכט דעם עקלהאפטסטן איינדרוק צו הערן א דער־וואקסענעם זאָגן ליגנס.

אַ ליגנער איז דאָך אַ נעבעכדיק באַשעפעניש און אויב מען קען עס נאָך מוחל זיין אַ קינד, איז עס נישט צום פאַרצייען אַ דערוואקסענעם, וואָס דאַרף זוכן אַנדערע ווירדיקערע און אַנשטענ־דיקערע מיטלען אַף צו פארטיידיקן זיינע אינטערעסן און זיינע איבערצייגונגען.

## באַציאונג צום אייגענעם וואָרט

א מענטש וואָס האַלט נישט קיין וואָרט, ווייזט אַרויס אַ גע־וויסע גרינגשעצונג צו זיך גופא. עס הייסט, ער אַליין האַלט נים פון זיין וואָרט און ברענגט אויך צו דעם, אז אנדערע זאָלן נישט האַלטן און אָף זיין וואָרט נים שטעלן.

די באַציאונג צו קינדער, פאָדערט אויך אַ באַשטימטע אויסגע־האַלטנקייט און אַ געוויסע מאָראַלישע דיסציפּלין איבער זיך גופא.

אָמבעסטן איז וואָס ווייניקער צוזאָגן, אָבער אַ צוזאָג וואָס ווערט יאָ געמאַכט, דאַרף ווערן דערפילט. ווען אין באַוואוסטזיין פון קינד וועט זיך אויסבילדן די איבערצייגונג, אז דעם טאַטנס אָדער דער מאַמעס ווערטער זיינען נישט קיין פּוסטע רייד, וועט עס שאַפן בא די קינדער א באַציאונג צו די ווערטער פון די על־טערן און וועט פארשטאַרקן דעם געפיל פון דרך־ארץ צו זיי.

קינדער — ווי גרויסע — האָבן נישט ליב ווען מען נאַרט זיי. די „סיסטעם" פון אָפּנאַרן די קינדער, וועלכע די דערוואַקסענע ווענדן אָפּט אָן, אַרבעט אויס בא די קינדער, פון איין זייט, אַן אומ־

צוטרוי צו די עלטערע און פון דער אנדערער זייט, צווינגט עס זיי צו כיטרעווען, נאכטראכטן צי מען נארט זיי נישט, און זוכן שפּיצ־לעך און מיטלען אַף נישט צו בלייבן גענאַרט, אָדער גאָר אָפּ־נאַרן אַנדערע.

קען מען נישט דערפילן דעם קינדס פארלאנג, איז גלייכער אָנצוזאָגן די מאָטיוון פארוואָס און זאָגט מען וואָס צו, דארף דאָס קינד זיין איבערצייגט, אַז דאָס וועט דערפילט ווערן. אַ קינד דערפילט אינסטינקטיוו אַ ריין געוויסן און אַן אויפריכטיק וואָרט און אַז מען רעדט מיט קינדער ערנסט, איז לייכט זיי איבערצייגן און זיך איינפאַרשטיין.

ערגער איז ווען דאָס קינד ווייסט, אַז מיט אַ ביסל טרערן אָדער טומל קען עס צווינגען די עלטערן צו בייטן זייער וואָרט. אָט צום ביישפּיל, גרייט זיך די מוטער אַרויסגיין אין גאַס, אָבער זי קען נישט אָדער זי דאַרף נישט מיטנעמען דאָס קינד. דאָס מיידע־לע וויל אָבער גיין. — איך וועל דיר נישט מיטנעמען, זאָגט די מאַמע, דו וועסט בלייבן אין שטוב מיטן טאַטן. דאָס קינד וויינט. די מאַמע חזרט איבער שוין אויפגערעגט: — עס וועט דיר נישט העלפן קיין וויינען, דו וועסט נישט גיין!..

דאָס קינד ווייסט שוין אָבער פון זיין דערפאַרונג, אַז די מאַמע זאָגט „ניין" און עס ווערט צום סוף „יאָ". עס האַנדלט זיך נאָר אין אַ ביסל מער אָדער ווייניקער טרערן, אין העכער און לענ־גער שרייען.

נעכטן, דערמאַנט זיך דאָס מיידעלע, האָט אויך די מאַמע גע־זאָגט, אַז זי וועט זי נישט מיטנעמען צו דער שכנה, אָבער די טרערן האָבן גיך ווייך געמאַכט דער מאַמעס האַרץ און צום סוף איז זי צו דער שכנה יאָ געגאַנגען.

וויינט זי ווייטער. און אַ מאַמע איז אַ מאַמע, און בפרט נאָך אַ אידישע מאַמע. נאָך אַ היפּש ביסל באַקלאָגענישן און נערוועזע אויסרופן פון ביידע צדדים, האָט די פרוי נאָכגעגעבן און די פאַ־מיליען־סצענע האָט זיך פאַרענדיקט מיט די טרויעריק־מילדע ווער־טער: קום שוין, שלעכט קינד וואָס דו ביזט, קום...

אַזעלכע און ענלעכע סצענעס, קומען פאָר גאַנץ אָפט, און אַזאַ כאַראַקטערלאָזיקייט פון דער מאַמען קאָסט אַ סך געזונט דער מו־טער ווי אויך דעם קינד. אַ געוויסע כאַראַקטער־דיסציפּלין איז אין אַזאַ פאַל נייטיק פאַר ביידן. ווען די מוטער קען נישט און דאַרף נישט מיטנעמען דאָס קינד, האָבן די טרערן נישט געדאַרפט ענ־דערן איר לכתחילהדיקן באַשלוס אַרויסצוגיין אַליין.

פון דער אַנדערער זייט, ווען ס׳קינד וועט וויסן, אַז מיט טרערן וועט עס נישט אָפּוואַשן דער מאַמעס אַ „ניין" אָדער „יאָ", וועט עס אומזיסט נישט וויינען.

דאָ קען מען אָבער לייכט אַריינפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם און זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שקלאַף פון אייגענעם וואָרט און אויך פאַרקנעכטן צום וואָרט די קינדער. מען טאָר דאָס וואָרט נישט פאַרוואַנדלען אין אַ דאָגמע, אין אַ הייליקייט. אָפּטמאָל איז דער מענטש געצוואונגען צו אַנערקענען זיין אייגענעם פעלער, צו ענ־דערן זיין וואָרט און זיך לאָזן איבערצייגן און איבעררייזן אפילו פון זיינע קליינע קינדער.

# מען טאָר נישט אַרויסווייזן צו איין קינד מער ליבע ווי צו אַלע אַנדערע קינדער אין שטוב

וואָס קען נאָך זיין אזוי שטאַרק, אזוי עכט און אזוי טריי ווי די מוטער־ליבע?

קיין שום אַנדער געפיל באַהערשט נישט און דערהויבט נישט אזוי דעם מענטשן ווי די אָפּפערווילִיקע און אומאייגננוציקע ליבע צו זיינע קינדער. אין דעם באַשטייט אויך דער וועזנטלעכער און עיקרדיקער אונטערשייד, וואָס טיילט אָפּ דעם מענטשן פון דער חיות־וועלט, וואו די עלטערן־ליבע דויערט בלויז אזוי לאַנג ביז די קינדער זיינען אומבאַהאָלפן און קענען זיך אליין נים דערנערן.

די עלטערן־ליבע באַצייכנט אַ געוויסע שטופע פון ביאָלאָגי־שער אַנטוויקלונג. די נידעריקערע חיות זאָרגן אינגאַנצן נישט וועגן גורל פון זייערע קינדער, זייער עלטערן־פונקציע ווערט דער־פילט מיטן בלויזן אַרויסברענגען דעם נייעם דור אָף דער וועלט. די חיות מיט אַ העכערער אָרגאַנישער און גייסטיקער קאָנסטרוק־ציע באַשיצן שוין זייער יונגן דור און לערנען אים אפילו פירן אַ

קאַמף פאַר זיין ווייטערדיקער זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ.

דער מענטש, „די קרוין פון דער וועלט", זאָרגט פאַר זיינע קינדער נישט בלויז אין פעריאָד ווען זיי זיינען אומבאַהאָלפן; די פעדים פון דער מענטשלעכער עלטערן־ליבע ווערן נישט איבערגעריסן אויך דאַן ווען די קינדער ווערן דערוואַקסן און זעלבסטשטענדיק. דער מענטש באַטראַכט דעם יונגן דור ווי א פאַרזעצונג פון זיין אייגענעם לעבן, ווי זיין אייגענע צוקונפט, וואָס פאַרייביקט זיין מין און זיין אנדענק צווישן די מענטשן. די עלטערן־ליבע פאַרשפּרייט זיך דעריבער אַף קינדער און קינדס־קינדער, אַף דער משפחה, אפן פאָלק און אַף דער גאַנצער מענטשהייט.

די עלטערן־ליבע קומט ווי א נאַטירלעך אינסטינקטיוו געפיל. אַ געפיל פון בלוט־פאַרוואַנדשאַפט, וואָס זוכט צו פאַרזיכערן דעם אייגענעם קיום און וואָס איז דעריבער ניט פריי פון געוויסע עגאָאיסטישע אימפּולסן. מיר האָבן ליב די קינדער, ווייל מיר ליבן זיך, ווייל מיר זעען אין זיי א טייל פון אונזער אייגענעם וועזן, אַ פאַרזעצונג פון אונזער אייגענער עקזיסטענץ אַף דער וועלט.

אין דער באַוואוסטער לעגענדע מיט דעם מוטער־האַרץ ווערט דערציילט, אַז אַ שלעכטער זון האָט אויסגעשניטן דאָס האַרץ פון זיין מוטער און עס געטראָגן ווייזן זיין געליבטער, אלס צייכן פון זיין שטאַרקער ליבע צו איר. לויפנדיק איז ער אפן וועג געפאַלן. דאָס פאַרבלוטיקטע מוטער־האַרץ האָט זיך פאַרצאַפּלט אין האַנט פונעם מערדער און מיט אַ ציטער געפרעגט: „האָסטו זיך נישט וויי־געטון, מיין קינד?..."

דאָס איז דער טרייסטער אויסדרוק פון דער בלינדער, אָפּפערוויליקער און אַלץ־פאַרגיבנדיקער מוטער־ליבע ,וואָס ווייסט נישט פון קיין גרענעצן און צוימען, וואָס לעבט נישט פאַר זיך נאָר פאַר די קינדער, וואָס האָט אין ליבע זיך אויפגעלייזט און לעבט אין דער עקזיסטענץ פון אירע נאָכקומענדיקע דורות.

אָבער יעדעס בלינד געפיל איז אַן איראַציאָנעלע אומגעזונטע קראַפט, וואָס דאַרף דורכן באַוואוסטזיניקן מענטשן ווי ווייט מעגלעך קאָנטראָלירט און געצוימט ווערן. אַן איבערפלוס פון ליבע

קען שאַדן־ברענגען נישט נאָר די עלטערן, נאָר אויך די קינדער.
עס טרעפן זיך אָבער גאַנץ אָפט אויך אייניקע אומגעזונטע, פּאַטאָלאָגישע אָפּווייכונגען אין דער עלטערן־ליבע, און אויף דעם ווילן מיר אין דעם פאַל זיך באַציען. דאָס טרעפט איבערהויפּט אין די פאַמיליעס וואו עס זיינען דאָ עטלעכע קינדער און וואו די גאַנצע ליבע פון די עלטערן גיסט זיך אויס אויף איין קינד, בעת צו די אַלע איבעריקע קינדער בלייבן זיי אין אַ גרויסער מאָס גלייכגילטיק און קאַלט. דער ליבלינג ווערט אויף פאַרשיידענע אופנים אויסגעטיילט פון די אַלע איבעריקע קינדער און די עלטערן שענקען אים די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.
די דערשיינונג איז אַ פיל אָפטערע ווי מען קען זיך גאָר פאַרשטעלן און עס שאַפן זיך אויף אַזאַ מין אופן פאַמיליען־טראַגעדיעס, וואָס האָבן גאַנץ אָפט שווערע פאָלגן. דאָס געפיל פון עלטערן־עגאָיזם ווערט דערפירט צו זיין ווייטסטן עקסטרעם, די עלטערן קלויבן אויס דאָס קינד, וואָס איז זיי אַמערסטן צום הארצן און לאָזן אָן דער וואַרעמקייט און צערטלעכקייט די אַלע איבעריקע קינדער פון זייער אייגן פלייש און בלוט. דאָס מוטער־האַרץ צאַפּלט ניט שטענדיק מיט גלייכער ליבע פאַר אַלע קינדער, עס פאַרמישן זיך אינעם צאַרטן עלטערן־געפיל גאַנץ אָפט אויך גרויזאַמע עלעמענטן.
דאָס רוב זיינען עס די שוואַכע און אומבאַהאָלפענע קינדער די „גליקלעכע" וואָס געניסן אַמערסטן פון דער עלטערן־ליבע. די שוואַכלינגס ווערן אויף אַזאַ מין אופן די ליבלינגס, בעת די געזונטערע, די עסער, די שטיפער, באַפרייען זיך שנעל פון דער עלטערן־אויפזיכט, ווערן פרי זעלבסטשטענדיק און פאַרהאַרטעוועט, ניטיקן זיי זיך נישט אין דער מאַמעס צערטלעכקייט און הערן אויך אליין אויף זיך צו צערטלען און פּיעשטשען.
עס טרעפט אויך, אַז די עלטערן זעען אין איין קינד אַמערסטן פאַרקערפּערט זייערע אייגענע פיזישע אָדער גייסטיקע אייגנשאַפטן, און דאָס קען זיין די סיבה פון זייער באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט און ליבע צום שאָדן פון די אַלע איבעריקע קינדער.
עס איז אָפילו נאַטירלעך, אַז איין קינד זאָל מער אויסנעמען

פון אַנדערע, אַדער זאָל זיך מער אויסצייכענען פון אַנדערע קינ־דער. דאָס טרעפט אין שול און אויך אין דער סביבה פון דער פאַ־מיליע. אַבער אַזוי די עלטערן ווי אויך די לערער, דארפן זיין זייער פאַרזיכטיק און אָביעקטיוו, און וואָס ווייניקער אַרוים־ווייזן זייערע געפילן, כדי ניט צו שאַדן די גליקלעכע און נישט קרענקען די באַוולה׳טע.

אָבייעקטיווי גענומען דארפן די עלטערן, און אפילו די לערער, גלייך ליב האָבן אַלע קינדער. אַבער מען קען זיך קיין געפילן ניט דיקטירן, וואָס מען קען פאָדערן איז ווי ווייט מעגלעך אַ גלייכע באַציאונג צו אַלע קינדער און ניט לאָזן פילן איינעקע, אַז זיי זיינען די אויסדערוויילטע און די אַנדערע, אַז זיי זיינען איבעריקע און פארשטויסענע.

אַזאַ באַציאונג שאַפֿט פון איין זייט, געפערלעכע עגאָיסטן און אַפט אויך גרויסע טויגעניכטסן, פארצערטלטע און צעקראַכענע, וואָס דארפן שטענדיק האָבן עמיצן אַף וועמען זיך אָנצושפּאַרן און פון דער אַנדערער זייט, שאַפֿט עס בא די באַ׳וולה׳טע אַ געפער־לעכע פאַרביטערונג, וואָס לאָזט אין זיי איבער אַ מין שוואַרצן שאָטן אַפן גאַנצן לעבן.

די עלטערן מוזן קאָנטראָלירן זייערע געפילן און זיין איינגע־האַלטן מיט די אויסדרוקן פון זייער ליבע אין דער באַציאונג צו זייערע קינדער.

פינפטער טייל:

# געלעכטער

## יעדן טאָג דאַרף דאָס קינד
## באַקומען אַ „פּאַרציע" פרייד

מען דאַרף נישט וואַרטן אַף אַ יומא־דפּגרא, אַף אַ טאָג פון נישט לערנען, אָדער אַף אַ ספּעציעלן יום־טוב, כדי צו מאַכן יום־טובדיק די קינדערשע הערצער און אַריינברענגען אַ ביסל פרייד, היימערקייט און געלעכטער אין קרייז פון דער אייגענער משפּחה.

מען דאַרף נישט אָפּלייגן די שמחה אַף יום־טוב און לאַכן בלויז אַף דער אָנווייזונג פון קאַלענדאַר, אָדער גיבן מתנות די קינדער נאָר אין טאָג, ווען ס'איז אָנגענומען, אָדער פאַרגעשריבן.

מען מעג זיך אַמאָל מאַכן יום־טוב אינמיטן דער וואָך און אינמיטן יאָר, און דווקא די שמחה, וואָס קומט אומדערוואַרטעט, איז באַזונדערס אָנגענעם און אָנגעלייגט.

און קינדער דאַרפן יום־טובים האָבן וואָס מערער און אָפטער. דאָס פאָדערט זייער גייסט, זייער גאַנצע נאַטור, זייער נאָרמאַלער וואוקס.

אָבער יום־טוב אינמיטן העלן מיטוואָך קען זיך נישט יעדערער דערלויבן. אַמאָל קריכט עס גאָרנישט אין קאָפּ, ס'איז נישט צום האַרצן, אָדער נישט צו דער קעשענע און מען מוז וואַרטן מיט דער שמחה אַף יום־טוב, און זיך פרייען, ווען גאָט האָט געבאָטן, צוזאַמען מיט אַלע גוטע און פרומע מענטשן.

קינדער דארפֿן אָבער ניט האָבן קיין ספּעציעלע „פֿייערטעג", זיי באַגנוגענען זיך מיט ווייניק, פֿאַר זיי קאָן מען איינהאַנדלען אַ שמחה פֿאַר גראָשנס און מאַכן אַ יום־טוב אַפֿילו יעדן טאָג.

אַ קליינער שפּאַציר מיטן קינד איז שוין פֿאַר אים די גרעסטע שמחה; אַ שפּילצייג פֿאַר עטלעכע סענט איז אַ גאַנצער יום־טוב; אַ מעשהלע, אַ וויץ, אַ לידל, מאַכן דאָס קינד איבערגליקלעך. און דאָס פֿאָדערט בלויז אַ ביסל צייט, אַ ביסל אויפֿמערקזאַמקייט און פֿאַרשטענדעניש.

און אָט די דאָזיקע פֿאַרשטענדעניש זיינען מיר אויסן צו מאָנען און וועקן. טאַטע־מאַמע דאַרפֿן וויסן, אַז פּונקט ווי מען באַזאָרגט דאָס קינד מיט זיין „פּאָרציע" עסן, אַזוי דאַרף מען עס באַזאָרגן מיט זיין „פּאָרציע" יום־טוב, מיט זיין חלק פֿרייד און געלעכטער.

און מען דאַרף געדענקען, אַז דעם דאָזיקן „אַרטיקל" פֿאַרברויכן די קינדער זייער אַ סך, אין אַן אומפֿאַרגלייכלעך־גרעסערער מאָס ווי די דערוואַקסענע.

אמת, די קינדער אַליין „פּראָדוצירן" אַ סך פֿרייד. איז נאָר אַ קינד געזונט און זאַט, איז עס אין אַ גוטער שטימונג און וועט זיך שפּילן אַפֿילו מיט זיך אַליין, און זיך נישט לאַנגווײַלן. אַן עלטער קינד פֿאָדערט שוין אָבער געזעלשאַפֿט און אין די מאָמענטן ווען עס קען נישט זיין מיט אַנדערע קינדער, דאַרפֿן די עלטערן אַקאָמפּאַנירן דאָס קינד און אים העלפֿן... זיך פֿרייען, און אַליין געניסן פֿון דער פֿרייד.

מען דאַרף נישט וואַרטן אויפֿן באַפֿעל פֿונעם לוח — קינדער דאַרפֿן האָבן וואָס מער פֿרייד, וואָס מער יום־טובים.

ווען אַ קינד באַקומט נישט קיין גענוג נאַרהאַפֿטע שפּייז, בלייבן זיינע ביינער אָן קאַלך, און אַ מאַנגל אין שפּיל און פֿרייד פֿאַרורזאַכט אויך ענלעכע פֿעלערן אין זיין פּסיכישער נאַטור.

דער מאַנגל אין פֿרייד לייגט אַ שווערן שאָטן אויפֿן כאַראַקטער פֿון קינד, וואָס וואַקסט אויס אָן אַ גע̇פֿיל פֿאַר הומאָר און אָן דעם נאַטירלעכן אָפּטימיזם, וואָס גיט צו אַזוי פֿיל מוט און קראַפֿט אין לעבן.

# יאָגט נישט אָן קיין טרויער
# אױף די קינדער

קינדער גייען אין שול. עס ציען זיך ווייסע כאַלאַטלעך איבער אַלע גאַסן און פאַרשווינדן אין די הויכע ברייטע טויערן פון די מלוכהשע פאָלקס-שולן, וואָס זשומען ווי די בינשטאָקן, פול מיט ווייסער קינדערישער פרייד, מיט געריידערײַ, געשרייען און געלעכטער.

קוקט זיך צו צו די קינדערלעך. אייניקע גייען רואיק, געלאַסן, זיכער אַז זיי זײַנען אַרוים אין צייט און וועלן קומען אין צייט. אַנדערע יאָגן זיך, שמאַיען, פאַרשפּיליען זיך אױפן וועג, און קייען נאָך אין איין גאַנג אַ שטיקל פונעם איבערגעבליבענעם עסן.

אױף אייניקע איז אויסגעגאָסן די פרידלעכע רו פון זאַטע היימען, פון געניטע מאַמישע הענט, פון זאָרגפולער ליבע. נאָך אַנדערע שלעפּט זיך נאָך אַ טרויער-טאָן פון אָפּגעלאָזנקייט, פון נערוועזיטעט, פון אומרו און מורא.

די אַרעמקייט שטעלט איר שטעמפּל אויך אױף די זאָרגלאָזע פּנימלעך פון די קינדער. דער ווייסער כאַלאַט ווישט נים אָפּ די טונקעלע שפּורן, וואָס רופט אַרוים אין געמיט אַ ליידיקער מאָגן.

אָבער די פאַלן פון פיזישן הונגער זעט מען דאָך נישט אזוי אָפט, און אַזוי לאַנג ווי אַ קינד איז זאַט און געזונט מוז עס שפּרודלען מיט פרייד און געלעכטער.

אַ פאַרטרויערט געמיט פון אַ קינד איז ניט שטענדיק אַ רעזולטאַט פון פיזישע ליידן, אָפטמאָל איז שולדיק די שטוב, די מאַמע אָדער דער טאַטע, וואָס יאָגן אָן אומזיסטן און אומבאַרעכטיקטן פּיין אויף זייערע קינדער.

ס'איז אַ שאָד ווען אין אַ מילדן, זוניקן טאָג, ווען מענטשן גאַרן נאָך פרייד און נאָך ליכט, יאָגט אָן אַ שווערער פינצטערער וואָלקן און פאַרשטעלט די זון פון די אויגן. די וואָלקנס אויף אַ קינדערשן געמיט זיינען נאָך פיינלעכער און שווערער פאַר דעם, וואָס קען אַריינקוקן אין די אומשולדיקע קינדערשע אויגן.

איינער פון דאָסטאָיעווסקים העלדן זאָגט ערגעץ, אַז די וועלט מעג אונטערגיין פאַר איין אומשולדיקער און ריינער קינדערשער טרער.

אָבער די טרערן יאָגן מיר אָפט אַליין אָן, און די ליידן זיינען ניט שטענדיק אַ רעזולטאַט פון פיזישן און מאַטעריעלן מאַנגל. די אומוויסנקייט, די אָפּגעלאָזנקייט און דער קליינלעכער עגאָיזם בייסן זיך אָפט אַריין אין דער נשמה פון מענטשן און פאַרביטערן דאָס לעבן פון די אַלע, וואָס קומען מיט אים אין באַרירונג.

אויב די גרעסטע קונסט, איז די קונסט פון לעבן, באַהערשן די קונסט נאָר די, וואָס ווייסן ווי צו האַלטן אַרבעטספעאיק זייער קערפּער און פריידיק זייער גייסט. פונקט ווי אונזערע לונגען דאַרפן אַ צופלוס פון פרישער לופט אויף אָנצוהאַלטן אַ נאָרמאַלן שטאָף־וועקסל אין קערפּער, אַזוי דאַרף אויך אָפּגעפרישט ווערן אונזער גייסט מיט איבערלעבונגען פון פרייד, לעבנסלוסט, פאַרוויילונג און געלעכטער.

פונקט ווי עס ווערט אָפּגעהיט דאָס געזונט, אַזוי דאַרף אויך אָפּגעהיט ווערן דער געמיט־צושטאַנד פון די קינדער. עס איז אַ פאַרברעכן אָנצואוואַרפן אויף דער פאַמיליע די אייגענע שלעכטע שטימונגען און „אויסלאָזן" אויף די קינדער, און איינער אויפן אַנדערן, דאָס פאַרטרויערטע געמיט, מאַכן טראַגעדיעס און פאַרביטערן די שטי־

מונג פון יעדער קליינלעכער איבערלעבונג.

עס זיינען דאָ הייזער, אין וועלכע עס פעלט נישט קיין ברויט, אָבער עס פעלט אין זיי פרייד. עס פעלט אַ צאַרטע האַנט, וואָס זאָל אַלעמען פאַראייניקן אין ליבע און אין שלום.

טאַטעס און מאַמעס דאַרפן באַזאָרגן די קינדער נישט נאָר מיט ברויט און מיט שול, נאָר אויך מיט פרייד, מיט פאַרוויילונג און געלעכטער. בײַ די ערגסטע באַדינגונגען דאַרף מען קענען אַריינברענגען אַ ביסל יום־טוב אין שטוב. פרייד איז ווי באַלזאַם פאַר די וואונדן און געלעכטער איז נייטיק ווי לופט פאַר די קינדער. אַ מוטער וואָס קען ניט מיט אַ זוניקן שמייכל פאַרטרייבן די וואָלקנס פון טרויער אפן געמיט פון איר הויזגעזינד שטייט נישט אויף דער הויך פון אירע מוטער־פליכטן.

ווען אַ מוטער איז פאַרביטערט און הייבט אָן אַרויספּראַוועןאיר קינד אין שול מיט געשרייען און מוסר, און וואַרפט אפן קינד די שולד פון איר אייגענער אָפּגעלאָזנקייט, איז נישט צו דערוואַרטן אַז די קינדער אירע זאָלן קומען אין שול מיט אַ רואיקן קאָפּ צום לערנען און מיט געזונטע נערוון.

אַ רואיק און פריידיק געמיט איז דער הויפּט־באַדינג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ געזונטן גייסט, פון אַ נאָרמאַלן פּסיכישן קאָמפּלעקס בײַ אונזערע קינדער.

# די ראָלע פון דער מוטער
# אין דער פאַמיליען־היים

אין פאַבריקן שמועס האָב איך זיך אויסגעדריקט, אז „א מוטער וואָס קען נישט מיט אַ זוניקן שמייכל פאַרטרייבן די וואָלקנס פון טרויער אפן געמיט פון איר הויזגעזינד, שטייט נישט אף דער הויך פון אירע פאמיליע־פליכטן".

אף דעם דאָזיקן געדאנק, וועלכן איך האָב אמאָל ארויסגעזאָגט בא אַ שמועס מיט עלטערן אין אַ היגער שול, האָב איך באַקומען פון איין מוטער אַן ענטפער פון וועלכן איך נעם אַרויס די פאָלגנדיקע גאנץ־אינטערעסאנטע שטעלן:

„...אַ מוטער איז נישט קיין צירק־טענצערן, וואָס דאַרף באשענקען מיט שמייכלען און פארוויילן דאָס „ליבע פובליקום" און אויב עס איז אמת, ווי איר זאָגט, אז „טאַטע־מאַמע דארפן באַזאָרגן די קינדער נישט נאָר מיט ברויט, נאָר אויך מיט פרייד און געלעכטער", דאַרף די פרייד אריינברענגען נישט נאָר די מוטער נאָר אויך דער פאָטער. אין באַציאונג צו דער פאמיליע האָט דער מאַן די זעלבע פליכטן ווי די פרוי"...

עס איז ריכטיק, אָבער נישט אינגאַנצן. איבסען האָט אין זיין דראַמע „נאָראַ" אויסגעדריקט מער - ווייניקער דעם זעלביקן געדאַנק, הגם בא אַ גאַנץ אַנדער סיטואַציע. זיכער איז אַ מוטער ניט קיין „צירק-טענצערין" און דאַרף קיינעם נישט פאַרווײַלן אָף באַשטעלונג. אָבער פאַרווײַלן די אײגענע קינדער, פאַרשאַפן זײ פרייד און אַליין זיך אָפּפרישן אין זייער געלעכטער, איז עפּעס אַנדערש.

עס איז אמת, אַז צו דער פאַמיליע האָט דער מאַן די זעלבע פליכטן ווי די פרוי אָבער דער כאַראַקטער פון די פליכטן איז אַ גאַנץ אַנדערער. מיר לעבן אין אַן עפּאָכע פון ארבעטס-צעטיילונג, און די דאָזיקע צעטיילונג הערשט ניט נאָר אין ווארשטאַט, אין ביוראָ און אין פאַבריק, נאָר אויך אין פערזענלעכן לעבן, אין גאַס און אין שטוב.

ווען די פרוי ארבעט און טראָגט אָף זיך די מאַטעריעלע פאַמיליע-לאַסט צוגלייך מיטן מאַן קען אויך איר ראָלע אין שטוב און אירע פליכטן לגבי די קינדער זיין אין אַ געוויסער מאָס די זעלבע ווי די פליכטן פון מאַן. אָבער גאַנץ אַנדערש איז ווען די דאגות-פרנסה רויבן אַוועק די כּוחות, די צייט און די געדאַנקען פונעם מאַן און פאַר דער פרוי בלייבט בלויז די שטוב, די הויז-ווירטשאַפט, די אויפזיכט איבער די קינדער, די אויסשליסלעכע אַפּיטרופּסות איבער דער „פאַמיליע-נעסט".

אין אַזאַ פאַל פאַלט שוין אַוועק די באַהויפּטונג, אַז „אין באַציאונג צו דער פאַמיליע, האָט דער מאַן די זעלבע פליכטן ווי די פרוי". מאָראַליש זיינען די פליכטן די זעלבע, אָבער פאַקטיש הערשט אויך אָף דעם געביט אַ קלאָר-אויסגעשפּראָכענע „ארבעטס-צעטיילונג" און אין באַציאונג צו איר הויזגעזינד דערפילט די מוטער גאַנץ אַנדערע פונקציעס ווי דער פאָטער.

אָבער די דאָזיקע „ארבעטס-צעטיילונג" איז נישט קיין קינסטלעכע און פאַרטעמפּנדיקע, — ווי אין דער אינדוסטריע, צום ביישפּיל, — נאָר אַ דורכויס נאַטירלעכע און געזונטע, אין הסכם מיטן כאַראַקטער, מיט די מעגלעכקייטן און מיט די פּסיכישע אייגנשאַפטן פון פאָטער און מוטער.

אין פארלויף פון אומצייליקע דורות, האָט די אינטימע הויז־סביבה געלייגט איר שטעמפּל אַף דער פסיכאָלאָגיע פון דער פרוי, און אויב יורידיש און מאָראליש דארף די פרוי האָבן די זעלבע רעכ־טן און פליכטן ווי דער מאַן, האָט זי אָבער פיזיש און פסיכיש, — אין דער ראָלע אלס מוטער, — אַן אנדער טעטיקייטס־געביט און גאַנץ אַנדערע אויפגאבן.

אַן אומאָרדענונג אין שטוב פארורזאכט אויך אַן אומאָרדענונג אין גייסט, און שמוציקע, אָפּגעלאָזענע און שרייאיקע קינ־דער קענען קיין פארגעניגן, קיין אָפּרו און קיין פרייד ניט פארשאַ־פן. די פיזישע און גייסטיקע אָרדענונג פונעם הויזגעזינד איז, אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון דער מוטער און דאָרט וואו עס פעלן די עלעמענטן פון פרידן און אָרדענונג, איז אומעגלעך אַ געזונטע דערציאונג.

## פאַרביטערט נישט די שטימונג
## פון אייערע משפחה־לייט

ווי געזאָגט, מאַכט נאָך אַ קינד נישט בלויז די רייד און האַנד־לונגען פון די דערוואַקסענע, נאָר אויך זייערע געפילן און שטימונ־גען. און די שטימונג, די גייסטיקע אַטמאָספערע פון שטוב, באַ־ווירקט טיף די נשמה פון קינד און לאָזט איבער אַן אייביקן שטעמפל אַף זיין כאַראַקטער.

אין אַ שטוב, וואו עס הערשט אַ פריידיקע און הייטערע שטי־מונג ווערן אויך די קינדער אָנגעשטעקט מיט דעם גייסט און געלעכ־טער, שפּאַס און פרייד ווערט באַ זיי א פשוטע נויטווענדיקייט אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

פונקט פאַרקערט איז אין די הייזער וואו עס קיניגט די מרה־שחורה, וואו פון אלע פּנימער וויינט אַראָפּ דער טרויער, וואו די מענטשן זיינען אָנגעצויגן, אָנגעבלאָזן, צאַרנדיק און פאַרביטערט. אַזאַ צרהדיקער נשמה־צושטאַנד פון די דערוואַקסענע מוז אויך באַ־ווירקן די קינדער, און מעגן אפילו זייערע בייכלעך זיין שטענדיק אָנגעשטאָפּט צו דער זעט וועלן זייערע נשמות פילן אַ הונגער, און פריצייטיק וועט אַף די קינדערישע פּנימלעך זיך אויסגיסן דער שאָטן

פון „ערנסט״, פון אלטקייט, פון צאָרן און פאַרביטערונג.

שטימונגען און געפילן מאַכן אומבאַוואוסטזיניק נאָך ניט בלויז קינדער, נאָר אויך דערוואַקסענע. אַ געלעכטער שטעקט אָן, ווען מיר זעען טרערן ווערט מען באַווירקט און ווען איינער גענעצט, הייבן מיט הנאה אָן צו גענעצן אויך אַלע אַנדערע.

אַ שטימונג, איז ווי אַן עפּידעמיע, וואָס גיט זיך איבער פון איי־נעם צום אַנדערן און ווען איינער פאַרמאָגט נישט קיין נאַטירלעכע ווידערשטאַנדס־קראַפט, ווערט ער לייכט אָנגעשטעקט מיט שטימונ־גען און געפילן פון די אַרומיקע.

דווקא אַ קינד פאַרמאָגט אין דעם זין אַ גרויסע ווידערשטאַנדס־קראַפט און איז פול מיט נאַטירלעכע פרייד־וויטאַמינען, אָבער ווען עס לעבט אין אַ סביבה, וואָס איז שטענדיק אָנגעזאַפּט מיט אומעט, לאַנגווייל, פאַרביטערונג און טרויער, וועט עס, פריער אָדער שפּע־טער, אַרונטערפאַלן אונטער דער דריקנדיקער אַטמאָספערע פון דער פאַמיליע און איינזאַפּן אין זיך אַלע אירע שאָטנדיקע עלעמענטן. און געוואוינהייט ווערט אַ צווייטע נאַטור. אויך קרעכצן, זיך באַקלאָגן, נודיען און זיך אַרומקריגן קען מען זיך צוגעוואוינען פון קינדווייז אָן.

עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס ווייסן ווי צו ריידן און האַנדלען מיט פרעמדע, אָבער ווי אומצוגיין מיט די אייגענע, איז פאַר זיי אַ סוד. עס פעלט זיי נישט קיין שכל אַף זיך צו שאַפן אַ פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, אָבער עס פעלט זיי דערציאונג אַף צו באַ־האַנדלען די אייגענע משפחה און די שלעכטע ביישפּילן, וועלכע זיי האָבן אויפגענומען אין דער קינדהייט, מאַכן זיי נאָך אומבאַוואוסט־זיניק אין באַציאונג צו זייערע אייגענע קינדער.

אַ באַגריסונג, אַ גוט וואָרט, אַ קוש, אַ שפּאַס אָדער אַ געלעכ־טער מיט די קינדער זיינען נישט קיין „קלייניקייטן״; זיי שאַפן שטימונג, בילדן די געפילן, גיבן שיינע מאַנירן און גוטע גע־וואוינהייטן.

—גוט־מאָרגן, פּאַפּאַ.

—גוט־מאָרגן, מיין קינד.

אָט די איינפאַכסטע און פּשוטסטע באַגריסונג, וואָס ווערט

איינגעפירט אין שטוב, קען ארויסרופן מער צוגעבונדנקייט און דרך־ארץ בא די קינדער, ווי דאָס גרעסטע „מקריב זיין זיך" פאר זיי.

ווען טאטע־מאַמע לערנען די קינדער עסן מיט מעסער און גאָפּל און אליין עסן זיי מיט די הענט, איז אַרויסגעוואָרפן זייער טירחא: —די קינדער וועלן זופּן פון טעלער.

דאָס זעלבע איז מיט די אלע אנדערע „העכערע מאַטעריעס". ווען די קינדער הערן בלויז זידלערייען, געשלעגן און קללות און זעען קיינמאָל ניט קיין שיינעם און איידעלן ביישפּיל, איז ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז זיי זאָלן זיין גראָב, פאַרביטערט און שלעכט אויך ווען זיי ווערן דערוואַקסן.

עס זיינען דאָ אויסנאַמען, אָבער געוויינטלעך מאכן די מענטשן אומבאַוואוסטזיניק נאָך די דערפאַרונג פון זייער יוגנט און אָפט, קענען זייער ווילן, לאָזן זיי אוים דעם געוירשנטן צאָרן פון די קינדער־יאָרן אָף די קעפּ פון זייערע משפּחה־לייט.

דער לעבעדיקער ביישפּיל ווירקט שטאַרקער פון די בעסטע מוסר־דרשות, און באזונדערס גרוים איז די ווירקונג פון ביישפּיל אָף די קינדער, וואָס מאכן אין אַלץ נאָך די דערוואַקסענע און אין דער ערשטער ריי זייערע עלטערן.

ניט שטענדיק לאָזן עלטערן איבער מאַטעריעלע ירושות. אָבער אַ גרויסן טייל פון זייערע גייסטיקע אייגנשאַפטן גיבן זיי יאָ איבער זייערע קינדער, און מען דאַרף זיך באַמיען, אַז די דאָזיקע „ירושה" זאָל נישט פאַרשאַפן די קינדער קיין צרות.

# די יוגנט דאַרף זיין יונג

וואויל איז דעם,
ווער ס'איז אין דער יוגנט געווען יונג,
וואויל איז דעם,
ווער ס'איז אין צייט געוואָרן רייף.

אַלעקסאַנדער פּושקין.

אַ טיפּע לעבנס־חמה איז פאַרקערפּערט אין די דאָזיקע ווער־טער. אַן אָרגאַניזם, וואָס איז פיזיש און פסיכיש געזונט מאַכט דורך, בײַ נאָרמאַלע באַדינגונגען, אַלע נאַטירלעכע שטאַפּן פון וואוקס, און איז יונג אין דער יוגנט, און ווערט רייף אין זיין צייט.
אַן עפּל, אין וועלכן עס באַזעצט זיך אַ וואָרעם, ווערט פרי־צייטיק רייף און פאַלט אַראָפּ פון בוים. אַ מענטש מאַכט דורך די

זעלבע ביאלאגישע אנטוויקלונג. א פיזיש-קרענקלעך קינד באקומט אויך פסיכיש-פארעלטערטע שטריכן און הויבט אן נישט נאר אויס-זען פארעלטערט, נאר אויך דענקען ווי אן „אלטער".

די זעלבע טראגישע רעזולטאטן קען פארורזאכן א שלעכטע דערציאונג, אדער שווערע לעבנס-באדינגונגען אין א געזונטן און נארמאלן קערפער. קינדער, וואס ווערן צו פרי איינגעשפאנט אין יאך פון פרנסה, ווערן פריצייטיק אלט. יונגע פלייצעס קענען נישט אויסטראגן דעם שווערן לעבנס-קאמף און פאלן אפט פאר דער צייט.

מענטשן פון עלטערן דור טרעטן שארף ארויס קעגן די מאדער-נע דערציאונגס-מעטאדן און קעגן דער צו גרויסער פרייהייט וואס מען גיט היינט די קינדער. זיי ווייזן אן, אז אונזערע עלטערן און אור-עלטערן זיינען פון קינדוואיז אן געווען איינגעשפאנט אינעם שווערן יאך פון לימוד און פון לעבנס-פאראנטוואָרטלעכקייט, זיי האבן קיינמאל נישט גענאסן פון די אלע פרייהייטן און לוקסוסן מיט וועלכע עס זיינען ארומגערינגלט די היינטיקע קינדער, און דאך זיינען די פארצייטיקע אידן געווען נישט שוואכער, נישט קלע-נער און נישט ערגער פון די היינטיקע מענטשן...

אזא געדאנקען-גאנג איז זייער כאראקטעריסטיש. אזוי טראכ-טן אונזערע פאטריארכן, אידן פונעם עלטערן דור, וואס האבן אין זיך איינגעזאפט די ירושה פון די פארצייטיקע דורות און באציען זיך מיט א געוויסן אומצוטרוי צו די חידושים פון אונזערע צייטן אפן געביט פון דער פעדאגאגיק און קינדער-דערציאונג.

מעגלעך אז די פארצייטיקע דורות זיינען נישט געווען פיזיש און גייסטיק שוואכער פון די היינטיקע מענטשן. אבער דערביי האט געשפילט א ראלע נישט בלויז די דערציאונג, מען דארף אין אכט נעמען די אלגעמיינע לעבנס-באדינגונגען פון היינט און פון דעם אמאל. דאס שטילע, פרידלעכע און רואיקע לעבן פון די אמאליקע צייטן איז ווייט נישט ענלעך אפן שטורמישן, נערוועזן און אינדו-סטריעלן לעבן פון דער היינטיקער וועלט.

אונזערע עלטערן האבן דאס רוב זייער לעבן אפגעלעבט אף איין ארט און מיר טאגן נישט דארט וואו מיר נעכטיקן. אמאל איז

דער מענטש געווען נעענטער צו דער נאטור. — אפילו דער איד — היינט טראגט דאס לעבן א מער קינסטלעכן, ראפינירטן און אומרו־איקן כאראקטער; די אטמאספערע איז היינט אן עלעקטריזירטע, אן אינדוסטריאליזירטע, א נערוועזע, און מיט דער דאזיקער לופט אטעמט אזוי דער איד ווי דער נישט־איד.

עס איז היינט אן אנדער וועלט. אבער דאס הייסט נישט, אז מיר דארפן זיך שלעפן צוריק און קוקן מיט בענקשאפט אף די אלטע פארגאנגענע צייטן. די ראד פון דער געשיכטע קען קיינער צוריק נישט דרייען. מען קען נישט צעשטערן די מאדערנע טעכ־ניק און זיך אפזאגן פון אלע דערגרייכונגען אפן געביט פון דער ווינסשאפט.

און דאס זעלבע איז מיט דערגרייכונגען אפן געביט פון דער פעדאגאגיק, וואס רעכנט זיך מיט דער פערזענלעכקייט פון קינד, מיט זיינע השגות און באדערפענישן, אבער נישט מיט די באקוועמ־לעכקייטן פון די עלטערע אדער פון די עלטערן.

אונזערע עלטערן זיינען באגאנגען איין גרויסן פעלער לגבי זייערע קינדער: זיי האבן נישט אנערקענט, אז די „יוגנט דארף זיין יונג" און אז די קינדער דארפן זיין נישט מער ווי קינדער. זיי האבן אינגאנצן איגנארירט די קינדער־יארן און האבן דאס קליינ־ווארג גלייך געוואלט פארוואנדלען אין גרויסע אידן, וואס זאלן דערפילן אלע תרי"ג מצוות און זיך נים שפילן, נים „שקאצעווען", נאר שטענדיק „ארײנקוקן אין ספר" און זיצן יום־ולילה און לערנען.

מען האט באם קינד אוועקגערויבט די פרייד פון שפיל, די זארג־לאזע און אינסטינקטיווע פרייד פון זיינע קינדער־יארן, וועלכע די היינטיקע דערציאונג באמיט זיך אים אפגעבן. אפגעבן די קינדער זייער קינדהייט, דאס איז די הויפט־אויפגאבע פון דער מאדערנער דערציאונג.




# גיט אַפּ די קינדער זייער קינדהייט

מיר האָבן אין פּאַריקן שמועס גענומען פּאַר אַ מאָטאָ אַלעק־סאַנדער פּושקינס אַ סטראָפע פון זיין באַרימטער פּאָעמע „יעווגע־ני אָניעגין", ווען ער רעדט וועגן דער קינדהייט פון זיין העלד און זאָגט, אַז „וואויל איז דעם, ווער עס איז אין דער יוגנט געווען יונג; וואויל איז דעם ווער עס איז אין צייט געוואָרן רייף"...

אין די דאָזיקע ווערטער איז פאַרקערפּערט אַ טיפער פּעדאַגאָ־גישער אמת. אַ נאָרמאַלע, געזונטע און וויסנשאַפטלעך־אָוועקגע־שטעלטע דערציאונג איז נאָר די, וואָס רעכנט־זיך און פּאַסט־זיך־צו צו דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פון קינד, וואָס פאַרלויפט נישט דעם וועג זיינע מעגלעכקייטן, וואָס פאַרכאַפּט נישט איין פעריאָד פון וואוקס פאַרן צווייטן.

די אַנטוויקלונג פון מענטשן איז ווי אַ פּלאַנמעסיק און בהדרגהדיק שטייגן אַף די שטאַפּלען פון לעבנס־לייטער. אַ פעאיק און געזונט קינד מאַכט דורך גיך און לייכט די אַלע אַנטוויקלונגס־־עטאַפּן; אַ קינד מיט אַ שוואַכער פיזישער אָדער גייסטיקער קאָנס־טרוקציע, באַוועגט זיך פאָרויס שווער און לאַנגזאַם. קיין קפיצת־

הדרך מאלעריירט נים די נאטור און ווער עס וויל מיטאמאל אריבער־שפרינגען עטלעכע שטאפלען קען אפט ברעכן האלז־און־נאקן.

זעצט אוועק א קינד אין א קלאס מיט וועלכן עס קען נישט מיטגיין. זאל עס זיין אפילו א קלאס, וואס איז בלויז מיט א האלבן שטאפל העכער פון זיין אויפנאם־פעאיקייט און פון זיינע קענטע־נישן, און עס מעג זיין דאס פעאיקסטע קינד, וועט עס אפשטיין און צום סוף פארלירן דעם גלויבן אין זיך, ווערן דענערווירט, פאר־בימערט אף זיך, אפן לערער, אף די חברים, און וועט צום סוף אפ־שטיין, רעזיגנירן און בלייבן דעמאראליזירט און דערשלאגן.

די אידן זיינען, דאס רוב, פיזיש פיל שוואכער און קליינוויק־סיקער ווי אייניקע אנדערע נים־אידישע פעלקער. און דאס איז א רעזולטאט נישט בלויז פון אונזערע שלעכטע לעבנס־באדינגונגען, נאר אויך פון אונזער צוגאנג צו קינדער, פון אונזער קוק אף דער קינדער־דערציאונג.

אידישע קינדער פלעגן צו פרי פארוואנדלט ווערן אין „קליינע אידעלעך", ווי דער זיידע מענדעלע פלעגט זאגן. און מענדעלע־מוכר־ספרים, וועלכער איז יארנלאנג געוועזן לערער, וועלכער איז טיף אריינגעדרונגען אין דער נשמה פון פאלק און וואס האט געזען די טראגעדיע פונעם אידישן קינד, פלעגט שטענדיק מיט פארבימערונג טענהן, אז מיר האבן דאך גארנישט קיין קינדער, מיר האבן גארנישט קיין יוגנט, מיר האבן נאר „קליינע אידעלעך"...

קליינע אידעלעך מיט א מאסקע פון ערנסט, פון זארג, פון גלות־פיין אף זייערע אומשולדיקע קינדערשע פענימלעך.

און ווער עס האט נישט געהאט קיין קינדהייט, ווער עס האט נישט גענאסן פונעם פ ר י ל י נ ג פון לעבן, בלייבט מיט א קעלט פון ווינטער אין זיינע ביינער, מיט א צייכן פון אומעט, וואס בא־גלייט דעם מענטשן זיין גאנץ לעבן.

די קינדער־יארן, דעם צארטסטן און גליקלעכסטן פעריאד אין לעבן, טאר מען באם מענטשן נישט אוועקרויבן — ער וועט זיי מער קיינמאל צוריק נישט געווינען און נישט כאפן אפילו מיט קיין גאל־דענע נעצן...

## לאַכט, לאַכן איז געזונט!

לאַכט, לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן — אַזוי פּלעגט זאָגן אונזער שלום-עליכם. דער אמת איז אָבער, אַז דאָקטוירים הייסן נישט לאַכן; דאָקטוירים שטאָפּן, דאָס רוב, דעם קראַנקן מיט רפואות, זאָרגן ווייניק וועגן זיין גייסטיקן צושטאַנד און נעמען זעלטן צו הילף די פּסיכיק פונעם מענטשן אַף צו היילן זיינע פיזישע ליידן.

ווען נישט, וואָלטן אַף די ווענט צוזאַמען מיט די פּלאַקאַטן: היט אייך פאַר גריפּע! — אויך געווען אַ וואָרענונג: היט אייך פאַר טרויער! — ווייל טרויער איז פונקט אַזוי שעדלעך און אַנשטעקנדיק ווי די גריפּע, און ווי אַ געפּערלעכער באַציל צעפרעסט די מרה-שחורה די נשמה און דעם קערפּער פון מענטשן.

דאָס מענטשלעכסטע אינעם מענטשן איז זיין געלעכטער. פאַר-שטאַנד פאַרמאָגן אויך חיות, קיין געלעכטער אָבער פאַרמאָגן זיי

**נישט. דאָס איז דער געטלעכער עלעמענט אינעם מענטשלעכן מין, און וואָס מער מען וועט דעם עלעמענט קולטיווירן אַלץ מאָראַ־ליש העכער און דערהויבענער וועט דער מענטש זיין.**

אמת, געלעכטער קומט נישט אָן קיין באַשטעלונג און פרייד איז שווער צו מאַכן. אָן אַ ניכטערן מאָגן, זאָגט מען, זינגט זיך ניט, און די פינצטערע נויט פאַרטראָגט נים קיין ליכטיקן שמייכל.

דאָרט וואו עס הערשט וואוילשטאַנד איז פאַראַן אויך פרייד און אין אַ געזונטן קערפּער קוועלט אויך די לעבנס־לוסט. אָפּט אָבער פאַרסמט דער מענטש אַליין זיינע פרידלעכע און זאַטע טעג און פאַרפינצטערט זיינע געציילטע גליקלעכע שעהן.

לאַכן איז פשוט פיזיש געזונט, דאָס האָבן שוין יאָ דערוויזן דאָקטוירים. אָבער עס איז נישט בלויז קיין פיזישער פּראָצעס. דער שטראָם פון געלעכטער טראָגט אַראָפּ אַלע „שטיינער פון הארצן" און ווי אַ זונען־שטראַל פאַריאָגט ער אַלע פינצטערע וואָל־קנס, וואָס באַדעקן דאָס געזיכט פונעם מענטשן.

דעריבער האָט אונזער גרויסער פאָלקס־דיכטער און „פאָלקס־דאָקטער", שלום־עליכם, געהייסן לאַכן. דאָס לאַכן פאַרלייכטערט די פיינען פון לעבן און דערנענטערט מענטש צום מענטשן. ער האָט געהייסן לאַכן און אויסלאַכן די אייגענע צרות און ווייטיקן, כדי זיי לייכטער איבערצוטראָגן, כדי נישט צו פאַרצווייפלען און ניט פאַלן אונטער דער לאַסט פון לעבן.

**אונטער דעם הייסן אָטעם פון חוזק, אונטער דעם שאַרפן בליק פון שפּאָס, צעגייען די אייגענע ליידן ווי שניי־קוילן אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון דער זון. לאַכנדיקע אויגן זעען בלויז ראָ־זע פאַרבן און אין מענטשן דערוועקט זיך אַ געפיל פון צוטרוי, פון גלויבן, פון האָפענונג, פון אָפּטימיזם.**

שלום־עליכם, דער גרויסער פאָלקס־פריינט, וואָס האָט מיט־געלעבט און מיטגעפילט די ליידן פון פאָלק, ווי עס פילט דעם ווייטיק פון איר קינד אַ טרייע מאַמע, האָט דעריבער מיט צאַרטע און ליבע הענט אונז אונטערגעטראָגן דעם רעצעפּט: לאַכט, אידע־לעך, לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן!...

און אַז אַ דאָקטער שרייבט צו אַ רעצעפּט, פאַרזעצט מען אַפילו

די הויזן און מען קויפט אים, און אַז לאַכן איז פאַר קינדער גע־זונט, דאַרף מען אין דער אנוועזנהייט פון קינדער „פאַרזעצן" דעם אייגענעם טרויער, פאַרמשכנען די מרה־שחורה און באַהאַלטן די אייגענע דאגות און זאָרגן.

געלעכטער פרישט אָפּ און האַלט מונטער דעם מענטשלעכן גייסט און די ברכה פון דער מענטשלעכער נאַטור, קען אויך ווערן אַ ברכה אין די הענט פון אַ געניטן לערער, וואָס קען מיט געלעכ־טער אין צייט באַלעבן זיין לימוד און פאַרשאַפן אַ סך פרייד זיינע שילער.

וואָס מער דער לערער וועט זיך האַלטן אַנגעבלאָזן און אָנגע־צויגן אַלץ מער וועט ער דערווייטערן די שילער פון זיך און פאַר־קלענערן זיין איינפלוס אויף זיי. אַזאַ לערער וועט נאָך אפשר מיט שטרענגקייט קענען אָנהאַלטן אַ „דיסציפּלין" אין קלאַס, אָבער זיין מאָראַלישע השפּעה וועט ניט דערגרייכן אַזוי טיף, ווי בײַ אַ לע־רער מיט אַ פרייער און אומגעצוואונגענער האַלטונג.

אמת, אידישע קינדער דאַרף מען צוגעוואוינען צו דער לאַסט פון דער ווירקלעכקייט, וועלכע האָט אויף אונז אויסגעשטעלט שוין גאַרנישט קיין לאַכנדיקע אויגן. אָבער קינדער האָבן באַזונדערע רעכט אויף געלעכטער, — דאָס איז די פּריווילעגיע פון דער יוגנט — און אַזוי לאַנג זיי זיינען אין רשות פון די עלטערן דאַרף מען בײַ זיי ניט אָוועקרויבן די אומשולדיקע פרייד פון די גליקלעכע קינדער־יאָרן. זאָרגן וועלן זיי ניט פאַרשפּעטיקן.

זעקסטער טייל:

# ירושה און סביבה

# דאָס עפּעלע פּאַלט ניט
# ווייט פון ביימעלע...

דער וועלט-באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער עמיל זאָלאַ, דער פאָטער פון דער אזוי-גערופענער נאַטוראַליסטישער שול אין דער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך באַמיט צו שילדערן אַלע לע־בנס-דערשיינונגען ווי ווייט מעגלעך נאַטירלעך, טריי און נישט גע־קינסטלט, האָט אין אַ סעריע פון אַ צוואַנציק ראָמאַנען, אונטערן נאָמען רוגאָן מאַקאַר געגעבן אַ פול און אַלזייטיק בילד פון דעם מענטשלעכן לעבן און פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט אין זיין צייט.

„נאַנאַ״, „אַ טרוים״, „אַ מענטש אַ חיה״, „געלט״, „חורבן״ — זיינען די פּאָפּולערסטע ראָמאַנען פון דער מערקווירדיקער סעריע גרויסע ליטעראַרישע ווערק.

עמיל זאָלאַ האָט געוואָלט קינסטלעריש פאַרייביקן זיין עפּאָ־כע און ער האָט זיך גענומען פאַר דער זאַך נישט בלויז ווי אַ קינסטלער, נאָר ווי אַ געלערנטער, וואָס האָט זיינע קינסטלערישע ווערק אויפגעשטעלט אויף אַ פעסטן יסוד פון ערנסטע וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען.

זיין סעריע ראָמאַנען רוגאָן מאַקאַר, האָט זאָלאַ געבויט אויף דער אידייע פון ירושהדיקייט, וואָס האָט באַשטימט דעם גורל פון אַלע מיטגלידער פון דער משפחה און זיך איבערגעגעבן פון דור צו דור ווי אַ פאַטאַלער קין-צייכן, וועלכער האָט געשטעמפּלט זייער לעבנס-וועג.

דער גרינדער פון דער פאַמיליע, רוגאָן מאַקאַר, איז געבוירן געוואָרן מיט אַ פּסיכישן מום און זיין מרה-שחורה איז אריבער בירושה פון עלטערן צו קינדער און פון קינדער צו קינס-קינדער.

באַ אייניקע האָט זיך עס אויסגעדריקט אין גייציקייט, באַ צווייטע אין ענגהארציקייט, באַ דריטע אין אויסגעלאַסנקייט און אין אַנ־דערע נעגאַטיווע מאָראַלישע שטריכן, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט די פסיכישע נאַטור פון דער גאַנצער משפחה.

„דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע", — דעם שפּריכ־וואָרט האָט זאָלאַ פאַרוואַנדלט אין אַ מין נאַטירלעך און אומפאַר־ענדערלעך געזעץ אויף וועלכן ער האָט אויסגעבויט זיין סעריע באַ־רימטע ראָמאַנען.

אין לעבן טרעפן מיר איבערגענוג פאַקטן, וואָס באַשטעטיקן די דאָזיקע, אין גרונט־גענומען, גאַנץ לאָגישע פאָרמולע, וועלכע דאָס פאָלק האָט אַזוי קורץ און בילדעריש אויסגעדריקט אינעם אויבנגעבראַכטן גלייכוואָרטל.

און ווירקלעך, גיט אַן עפּל־בוים עפּל, אַ רויזן־קוסט — רויזן; אַ קאַץ געבוירט קעצעלעך און אַ מענטש — מענטשן.

נאָך מער: ס'איז גוט באַוואוסט, אַז אייניקע אויסערלעכע גע־זיכטס־שטריכן און כאַראַקטער־אייגנשאַפטן גייען איבער פון איין דור צום אַנדערן. אַזוי ווערן באַ פאַרהיימישטע הינט נישט גע־בוירן קיין ווילדע נאָר שטוביקע הינטעלעך, און פאַרשיידענע מינים געקליבענע ראַסן־חיות און קולטיווירטע געוויקסן גיבן איבער די מעלות־טובות פון זייער ראַסע צו זייערע יורשים.

גוטע געיעג־פערד גיבן אויך גוטע לויפער. דעריבער איז אַזוי וויכ־טיק דער „יחוס" פון יעדעם פערדל און באַ די פערד־געיעגן ווערט איבערגעגעבן די גענעאַלאָגיע פון יעדער פערדישער „פערזענלעכ־קייט" צוזאַמען מיט די נעמען פון אירע הויכגעשטעלטע עלטערן און אור־עלטערן.

אין פאָלקס־באַוואוסטזיין איז טיף איינגעבירגערט דער כלל, אַז ערלעכע עלטערן האָבן אויך ערלעכע קינדער, און אַז באַ אויס־וואורפן און פאַרברעכער זיינען אויך די קינדער נישט בעסער.

מען וואונדערט זיך אָפט, ווען באַ אַ פיינעם פאָטער איז דער זון אַ ליידאַק, אָדער ווען באַ אַ גאָטספאָרכטיקער מוטער איז די טאָכטער אַראָפּ פון דרך־הישר. און דאָס זעלבע פאַרקערט — ווען

מען זעט לייטישע קינדער בײַ ניט אַזעלכע געהויבענע עלטערן, קנייטשט מען מיט די פּלייצעס: ווי קומט עס צו בערל דעם שוס־טער, אָדער צו יאַנקל באַק אַזאַ זון? האַ?...

מענטשן קנייטשן מיט די פּלייצעס און האָבן אויף דער שאלה ניט קיין ענטפער, ווייל לויטן אָנגענומענעם כלל דאַרפן בײַ בערל דעם שוסטער די קינדער טויגן נאָר צו דער דראַטווע און בײַ יאַנקל באַק מאָרן די קינדער נישט האָבן קיין שכל...

די נאַטור־געזעצן זיינען אָבער גאָרנישט אַזוי איינפאַך ווי זיי זעען אויס אויבנאויף. נישט אַלץ לאָזט זיך אַריינפּאַסן אין איינ־פאַכע פאָרמולעס און נישט יעדער פאָרמולע קען מען אָנווענדן לגבי אַלע מענטשן און אין אַלע פאַלן.

מיר זעען אָפט בײַ אָרעמע, דערשלאָגענע און אומגעבילדעטע עלטערן, וועלכע צייכענען זיך אַבסאָלוט מיט גאָרנישט אויס, קינ־דער מיט גרויסע גייסטיקע און מאָראַלישע מעלות און בײַ עלטערן גאונים, פאָלקס־פירער, קינסטלער און גרויסע ווינסשאַפטסלייט, זיינען די קינדער, דאָס רוב, פּשוטע דורכשניטלעכקייטן, וואָס קע־נען זיך באַרימען בלויז דערמיט, וואָס זיי שטאַמען פון דער אָדער יענער גרויסער פערזענלעכקייט.

ווען קינדער זאָלן איבערנעמען אַלע מעלות און חסרונות פון זייערע עלטערן וואָלט געווען איבעריק די גאַנצע דערציאונג, און בײַ די איינשטיינס וואָלטן געבוירן געוואָרן געניאַלע מאַטעמאַטי־קער און בײַ די אַלע שלימזלס, וואָס קענען דער קאָץ קיין עק ניט פאַרבינדן, וואָלטן אויך די קינדער געווען נישט צו גאָט און נישט צו לייטן.

ס'איז אָבער, צום גליק, נישט אַזוי. אין שפּריכוואָרט „דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון ביימעלע" איז, ווי אין יעדן גלייכ־ווערטל, פאַרבאָרגן נאָר אַ טייל אמת.

**אין דער ווירקלעכקייט ווירקן טויזנטער אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס נייטראַליזירן די גליקלעכע אָדער אומגליקלעכע לאַסט פון דער ירושה, און דאָס לעבן פאַרוואַרפט אָפט די עפּעלעך זייער ווייט פון די ביימעלעך.**

# די אידישע ראַסן־ריינקייט

ווען די מענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען וואָלטן זיך נישט ענדערן אין משך פון לאַנגע דורות, וואָלט אויך דער מענטשן־טיפּ ווייניק זיך געענדערט און די קינדער וואָלטןווירקלעך שטאַרק ענלעך געווען אַף זייערע עלטערן.

דער מענטשלעכער מין לעבט אָבער אין אַ פּראָצעס פון שטענדיקער און אומאויפהערנדיקער טראַנספאָרמאַציע. דאָס מענטשלעכע לעבן אַנטוויקלט זיך און ענדערט זיך אָן אויפהער. דער לעבנס־שטייגער פון די קינדער איז נישט ענלעך אַפן לעבנס־שטייגער פון די עלטערן, און מיט דער ענדערונג פון די לעבנס־באַדינגונגען ענדערן זיך אויך די מענטשן.

די לעבנס־באַדינגונגען לייגן אַרויף זייער חותם אַף דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און פאָרמירן אויס דעם פיזישן אויסזען און אויך דעם גייסטיקן אינהאַלט פון מענטשן.

דאָס אידישע פאָלק האָט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער, אויפגעהיט זיין ריינסטן עטנישן טיפּ. אין פאַרלויף פון יאָרטויזנטער האָבן מיר, אידן, עקשנותדיק אויפגעהאַלטן אונזער עטנישע זעלבסטשטענדיקייט מיט די אַלע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, וואָס גיבן צו דעם אידישן פאָלק זיין קלאָר־אויסגעשפּראָכענע ראַסן־אינדיווידואַליטעט.

דאָך ליגט אפן אידישן פאָלק דער שטעמפּל פון זיינע היסטאָ־רישע וואַנדערונגען צווישן די פעלקער, און אין יעדן לאַנד האָבן די אידן אויפגענומען און אין זיך איינגעזאַפּט די כאַראַקטעריסטי־שע אייגנשאַפטן פון זייערע שכנים.

ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי אידלט זיך.—די רוסישע אידן, צום ביי־שפּיל, פאַרמאָגן אין זיך אַ גאַנצע ריי אייגנאַרטיקע שטריכן, וואָס זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די סלאַוון; די דייטשע אידן זענען אָפּט אוים ווי אמתע דייטשן און די פּוילישע — פאַרמאָגן, דאָס־ר׳וב, גאַנץ אנדערע כאַראַקטער־שטריכן ווי, לאָמיר זאָגן, די אידן פון בעסאַראַביע, ליטע אָדער אונגאַרן.

דאָס הייסט, אַז דער זעלבער סעמיטישער קערן, וואָס איז גע־וואַקסן אַף פאַרשיידענע באָדנס, האָט אין רעזולטאַט אויך געגעבן גאַנץ פאַרשיידענע געוויקסן, וואָס זיינען ענלעך אין זייער עצם, אָבער גאַנץ פאַרשיידן אין זייערע סעקונדאַרע, צווייטראַנגיקע כאַראַקטער־שטריכן.

אָבער די פיזישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן, וואָס בילדן די כאַראַקטעריסטישע הויפּט־שטריכן פון אידישן פאָלק, זיינען דאָך אין אַ גרויסער מאָס אויפגעהיט געוואָרן דורך די אידן אין פאַרלויף פון אומצייליקע דורות. און אַלע טיילן פון פאָלק, ווי ווייט אָפּגע־שיידט זיי זאָלן נישט זיין איינע פון די אַנדערע, בילדן איין עטני־שע, נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע איינהייט, וואָס שיידט שטאַרק אונטער די אידן פון די אַנדערע פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן.

פון דער אַנדערער זייט, זיינען אונטער דער ווירקונג פון פאַר־שיידענע לעבנס־באַדינגונגען, פון פאַרשיידענע סביבות, אַנטשטאַ־נען אין דער אידישער עטנישער גאַנצקייט אַ גאַנצע ריי גאַנץ־פאַרשיידנאַרטיקע כאַראַקטער־סימנים, וואָס אונטערשיידן איין גרופּע פון דער אַנדערער און די אידן פון יעדן לאַנד האָבן אין זייער לעבנס־שטייגער, אין זייער פּסיכיק און דענקונגס־אַרט איי־ניקע זיטן און מנהגים פון דעם פאָלק מיט וועלכן זיי וואוי־נען צוזאַמען.

# דער מענטש קומט ניט אױף דער װעלט
# מיט קײן לײדיקע הענט

פיזישע און גײסטיקע אײגנשאַפטן, װאָס כאַראַקטעריזירן אַ פֿאָלק, אַ ראַסע אָדער אַפֿילו אַ משפּחה פֿאַרשװינדן נישט שפּור־לאָז, נאָר גײען איבער פֿון דור צו דור און קענען אַפֿילו אין הונדער־טער יאָרן אַרום אַרױסשװימען אױף דער אױבערפֿלעך און צוגעבן אַן אור־אײניקל די כאַראַקטעריסטישע אײגנשאַפֿטן פֿון זײן על־טער־עלטער־באָבען. װאָס איז שױן זײט הונדערטער יאָרן אױפֿן עולם־האמת.

דער באַװאוסטער װיסנשאַפֿטס־מאַן, נאַטאַן אָפּענהײם, גיט איבער, אַז אין דער פּראָװינצױיזישער פּראָװינץ דאָרדאָניע געפֿינט מען אַ באַזונדערן טיפּ מענטשן, װעלכער פֿאַרמאָגט די אַלע כאַ־ראַקטעריסטישע אײגנשאַפֿטן פֿון אַן אַלטער און שױן לאַנג־פֿאַר־שװאונדענער פּאַרהיסטאָרישער ראַסע, װאָס האָט דאָרטן געלעבט מיט פֿיל טױזנטער יאָרן צוריק.

אין פֿאַרלױף פֿון דער צײט איז פֿאָרגעקומען אַן אױסטױש פֿון פֿעלקער און ראַסן, עס האָבן זיך אױסגעבילדעט נײע פֿעלקער און עטנישע גרופּן, דאָך איז די אַלטע קראָ־מאַגנאָטישע ראַסע, װאָס האָט אַמאָל געװאױנט אין די פֿראַנצױזישע טאָלן, שפּורלאָז ניט פֿאַרשװאונדן.

פֿון צײט צו צײט קומען נאָך אױך הײנט אױף דער װעלט אירע יורשים, װאָס טראָגן אין זײער פּיזישן און אָרגאַנישן בױ די אַלע כאַראַקטעריסטישע סימנים פֿון זײערע לאַנג־פֿאַרשװאונדענע אור־עלטערן.

ס׳איז גוט באַװאוסט דער פֿאַקט, אַז בײַ טולאָס — אַ געמיש פֿון

פערד און אייזלען — טרעפט מען אָפט אויף די פּיס אַזעלכע שטריי־פן, וועלכע עס פאַרמאָגט נישט דאָס פערד און אויך נישט דער אייזל, אָבער וועלכע עס האָט יאָ געהאַט דאָס פאַרהיסטאָרישע זע־ברו־פערד פון וועלכע עס זיינען ארויסגעקומען די היינטיקע פערד און אייזלען.

א געמיש פון צוויי מינים פאַרהיימישטע טייבעלעך גיט אָפט אַ פולשטענדיק ווילדע טויב מיט אַ באַפאַרבונג, וועלכע עס פאַר־מאָגן נישט אירע עלטערן, אָבער וועלכע עס האָבן יאָ געהאַט די ווילדע טויבן, די עלטערן פון אַלע פאַרהיימישטע און קולטיווירטע טויבן־ראַסן.

אויך דער מענטש קומט ניט אויף דער וועלט מיט קיין ליידיקע הענט, ער ברענגט מיט זיך אַ שטיקל ירושה. אינגאנצן קיין „טאַ־בולאַ ראַסאַ", אַן אומבאַשריבענער טאָוול, איז דאָס מענטשלעכע קינד נישט, און פונקט ווי מען געפינט אָפט אין קינד אַ פיזישע ענלעכקייט צו זיין טאַטע־מאַמע, אַזוי קען אויך זיין מיט די גייס־טיקע אייגנשאַפטן, וועלכע ס'קינד נעמט איבער בירושה פון זיי־נע עלטערן אָדער גאָר פון זיינע ווייטסטע אורעלטערן, וועלכע גיבן איבער זייער ניי־געקומענעם יורש אויף דער וועלט, געוויסע נייגונגען און פרעדיספאָזיציעס צו אַזעלכע אָדער אַנדערע פיזישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן און כאַראַקטער־שטריכן.

אָבער אַפילו פיזישע אייגנשאַפטן קענען זיך ענדערן אונטער דער ווירקונג פון די לעבנס־באַדינגונגען. די שענסטע געזיכטס־שטריכן פון קינד וועלן ווערן פאַרגרעבט און צעקרימט ווען דאָס לעבן יועט עס שטראָפן מיט נויט און קראַנקייטן. דאַקעגן וועט אַ מיאוס קינד, וואָס האָט מיט זיין פיזישער שיינקייט גאָרנישט וואָס צו פאַרדאַנקען זיינע עלטערן, קען זיין זייער חנוודיק און פיזיש זיך אויספאָרמירן מיט זיין קראַפט און האַלטונג, אויב עס ווערט גוט דערצויגן און וואַקסט אויף בא בעסערע לעבנס ־באַדינגונגען. אויך די מאָראַלישע און פסיכישע ירושה־עלעמענטן לאָזן זיך ענדערן אונטער דער ווירקונג פון דער סביבה און אונטערן איינפלוס פון דער דערציאונג.

# אַ בער קען מען אויך
# אויסלערנען טאַנצן

דאָס קינד קומט נישט אַף דער וועלט מיט קיין פּאַרטיקע און שוין - אויסגעפּאַרעמטע מידות, וועלכע דאָס לעבן זאָל נישט קענען באַווירקן און ענדערן. פאַרקערט, אַ קינד איז ערשט אַ מענטש אין פּראָצעס פון ווערן און דעם דאָזיקן „מענטשן" פּאָרעמט אויס דאָס לעבן, די סביבה און די דערציאונג, אין די הענט פון וועלכע דאָס קינד איז כחומר ביד היוצר, ווי ליים אין די הענט פון טעפּער.

אָבער די נאַטור פון מאַטעריאַל באַגרענעצט די מעגלעכקייטן פון טעפּער. פון פּראָסטן ליים קען ער מאַכן בלויז נוצלעכע און שיינע טעפּ, אָבער נישט קיין צאַרטע, איידעלע און דורכזיכטיקע פּאָרצעליי-כלים.

דאָס זעלבע איז אויך מיט דער דערציאונג. **די איינגעבוירענע נאַטור פון קינד, זיינע געירשנטע אייגנשאַפטן, באַגרענעצן די מעג־לעכקייטן פון דערציער.** און פון אַ קינד מיט דורכשניטלעכע פעי־איקייטן וועט ער נישט מאַכן קיין טאַלענט, פון אַ שוטה ניט שאַפן

קיין חכם; אַ קינד אָן אַן איינגעבוירענעם געפיל פאַר מוזיק איז אומעגלעך צו פאַרוואַנדלען אין אַ געניאַלן מוזיקאַנט, אָדער מאַכן פאַר אַ פילאָזאָף אַזאַ, וואָס האָט נישט די איינגעבוירענע פעאיקייט טיף און איינגאַרטיק צו דענקען.

אָבער אַפילו אַ קינד אָן איינגעבוירענע מוזיקאַלישע פעאיקייטן קען מען אויסלערנען באַהערשן אַ וואָסערן ניט-איז אינסטרומענט, און אויסבילדן באַ אים אַ פאַרשטענדעניש און אפילו אַ געפיל פאַר מוזיק. דאָס ווייסן זייער גוט די עלטערן, וועלכע האָבן דער מאָדע צוליב געצוואונגען זייערע קינדער צו לערנען פיאַנאָ אָדער פידל, כאָטש די קינדער האָבן נישט צו דעם דעם מינדסטן חשק און קיין שום איינגעבוירענע נייגונג.

דאָס זעלבע איז מיט די אַלע אַנדערע פעאיקייטן. אַ בער קען מען אויך אויסלערנען טאַנצן — זאָגט מען — כאָטש די בערן האָבן דאָך אוודאי נישט געירשנט די טאַנץ-קונסט פון זייערע פירפיסיקע אָבות.

דאָס קינד קען אין עמבריאָן פאַרמאָגן, אלס ירושה-רעזערוו, די פאַרשיידנאַרטיקסטע נייגונגען און איינגנשאַפטן, טייל פון וועלכע, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, די דערציאונג קען סטימולירן און אַנטוויקלען און די אַנדערע צוימען און אונטערדריקן.

**די ירושה גיט נישט מער ווי דעם רוי-מאַטעריאַל, פון וועלכע דאָס לעבן דאַרף ערשט אויסהאַקן דאָס קונסט-בילד און אים געבן אַן אויסזען און פאָרמען. אַ שלעכטער סקולפטאָר וועט פון שענסטן** מירמלשטיין ניט שאַפן קיין קונסט-ווערק, בעת דער בעסטער קינסטלער וועט אַ ליים-בילד נישט קענען געבן די פיינע און צאַרטע פאָרמען פון מירמלשטיין.

**אין דער אויסבילדונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט שפּילט די ראָל פון קינסטלער דער דערציער, די סביבה, די עלטערן. אָף זייערע ביישפּילן לערנט זיך דאָס קינד, זייער דערפאַרונג זאַפּט עס אין זיך איין מאָג-טעגלעך, און לויט די מוסטערן וואָס עס זעט אַרום זיך פאָרמירט זיך זיין גייסט און בילדעט זיך אויס זיין כאַראַקטער און זיין גאַנצע פערזענלעכקייט.**

## גוטע עלטערן
## און שלעכטע קינדער

מיר וועלן נעמען פאר א ביישפיל איינע פון די זעלטענע משפחות, וואו עס הערשט שלום-בית, וואָס שפּרייט אַף אַלץ אוים דעם גייסט פון פרידן און ליבע, אַזוי אין דער באַנעמונג פון די עלטערן צווישן זיך, ווי אויך אין דער באַציאונג צווישן די עלטערן און קינדער.

טאַטע-מאַמע, מענטשן פיזיש און גייסטיק נאָרמאַלע, גוטע און ליבע, מיט אַ פולער שטוב קינדערלעך (נישט פאר היינטיקע צייטן געדאַכט), און די קינדער ווי די עלטערן, זיינען אויך אַזעלכע געזונטע און וואוילע, טיילן דעם ביסן צווישן זיך און זיינען גרייט איינס פאַרן אַנדערן די נשמה אָפּגעבן.

באַ גוטע טאַטע-מאַמע זיינען אויך גוטע קינדער, — וועלן זאָגן מענטשן, וועלכע האָבן אַף אַלץ אַ פאַרטיקן ענטפער, און וואָס ווילן זיך פאַרשפּאָרן די מי טיפער זיך אריינצוטראַכטן אין אַזעלכע זאַכן און מיט אַ לייכט הארץ פארשרייבן זיי אלץ אפן חשבון פון דער ירושה.

ווען מען קוקט זיך אָבער צו נעענטער צו אַזאַ צאָלרייכער משפּחה פאַרגעסט מען די אומקלאָרע מעטאַפיזישע השערות וועגן ירושה און מען זעט די סביבה, מען פילט די מאָראַלישע אַטמאָספערע, וואָס הערשט אין דער פאַמיליע און וואָס ווירקט גינסטיק

אף דער אויסבילדונג פון כאראקטער בא די קינדער.

דאס צוזאמענלעבן פון א סך קינדערלעך אין איין שטוב, אין אן אטמאספערע פון קעגנזייטיקער ליבע און צוטרוי, איז שוין אליין זייער א וויכטיקער דערציערישער פאקטאר.

די עלטערע קינדער העלפן ארויס און היטן אפ די אינגערע, און זאגן זיך אפט אפ פון א סך באקוועמלעכקייטן און שפילערייען לטובת זייערע קלענערע שוועסטערלעך און ברידערלעך. די קלע־נערע קינדער, פון זייער זייט, געוואוינען זיך צו פאלגן און ליבן די עלטערע פון זיך, און אויב טאטע־מאמע גיבן א גוטן ביישפיל פון שלום־בית, וועלן פון אזעלכע קינדער ווירקלעך אויסוואקסן גו־טע מענטשן און טרייע פאמיליען־לייט, מיט א געפיל פון מארא־לישער ריינקייט און פאראנטווארטלעכקייט.

ווען די זעלבע עלטערן זאלן אבער האבן נישט מער ווי איין קינד, „איין אויג אין קאפ", וואלט זיך באקומען גאר עפעס אנדערש.

א בן־יחיד איבער וועלכן מען ציטערט און פלאטערט, וועלכן מען פעשטשעט און ניאנטשעט ביז „אין גרויען צאפ ארייך", וואקסט געוויינטלעך אויס א מוראדיקער עגאיסט, וואס מיינט, אז די גאנצע וועלט איז נאר פאר אים באשאפן, אז אלץ קומט אים און אז אלע דארפן אים גלעטן מיט דער פוטער אראפ, ווי טאטע־מאמע טוען.

מענטשן וועלן קוקן אף אזא בן־יחידל און קנייטשן מיט די פלייצעס. ווי קומט דאס, וועט מען פרעגן, וואס בא מענטשן מיט אזעלכע גרויסע און גאלדענע הערצער איז דער זון גאר אן א הארץ?

דעם כאראקטער פון קינד האט דא, אף אזא מין אופן, בא־שטימט נישט די ירושה, נאר די דערציאונג. ווען דער זעלבער בחור, מיט דער זעלבער ירושה, האדעוועט זיך אויס אין א שטוב צווישן א צענדליק ברידערלעך און שוועסטערלעך, וואלט ער גע־האט גאר אן אנדער פנים.

עס הייסט, אז די עלטערן פון דעם בן־יחיד זיינען טאקע וואוי־

לע, גוטע, הארציקע און ליבע מענטשן, אָבער האָבנדיק בלויז „איין אויג אין קאָפּ" האָבן זיי פאר אים נישט געקענט שאַפן קיין סביבה פאר אַ נאָרמאַלער אַנטוויקלונג און זיי האָבן נישט געקענט טון אַלץ אַף אויסצובילדן באַ אים אַ גוטן און מענטשנליבנדיקן כאַראַקטער.

גאַנץ אָפט זעען מיר, אַז באַ גרויסע פּאָליטיקער, וויסנשאַפטסלייט, קינסטלער און געשעפטסלייט, זיינען די קינדער ליידאַקעס, גאַרנישטן, פּוסטע קעפּ און טויגעניכטסן. ווייל מען קען זיין אַ געניאַלער מוזיקער, אַ גרויסער שטאַטסמאַן, אַ טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער און נישט וויסן, אָדער נישט האָבן די מעגלעכקייט צו דערציען די אייגענע קינדער.

די קינדער-דערציאונג איז אָפּהענגיק פון דער גאַנצער פאַמיליען-סביבה, וואו די מוטער האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן, און נאָך איבערהויפּט דאָרטן, וואו דער מאַן איז ביז איבערן קאָפּ אַריינגעטון אין זיין באַשעפטיקונג, וואָס פארשלינגט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און די מוטער גיט דעם הויפּט-טאָן אין דער קינדער-דערציאונג.

**אַזוי אַז אַ שלעכטע דערציאונג קען צעטרעטנצלען די בעסטע ירושה, און ווי אַ געזונטער קערן וואָס פאַלט אַף אַ שטייניקן באָדן, וועט אַזאַ ירושה קיין פרוכט נישט געבן.**

דאָס זעלבע איז אויך מיט אַזעלכע קינדער, וועלכע די נאַטור האָט געשטראָפט מיט אַ שלעכטער ירושה, אָבער וועלכע דאָס לעבן האָט באַגינסטיקט מיט אַ גוטער דערציאונג און מיט אַ פאַסיקער סביבה. **אַזעלכע קינדער זיינען ווי מאָגערע קערנער אַף אַ פעטן און פרוכטבאַרן באָדן, קיין שפע וועלן זיי נישט געבן, אָבער ברויט וועט דאָך וואַקסן...**

# אידיאָטן, פאַרברעכער
# און אויסוואורפן

אַ קינד איז ווי אַן אומבאַאַרבעט פעלד. אַז עס זאָל געבן פרוכט, מוז מען דאָס פעלד אויפאַקערן, באַמיסטיקן, פאַרזייען און פאַרהיטן פון אַלע שלעכטע איינפלוסן, פאַראַזיטן, אינזעקטן און ווילדע גראָזן, וואָס קענען פאַרדאַרבן די יונגע און נוצלעכע פלאַנצן.

און איז דער באָדן פון דער נאַטור פעט און פרוכטבאַר, פאַרמאָגט ער אין זיך געזונטע ירושה-עלעמענטן, וועט די שפע זיין

גרויס און מיט אַ ברייטער האַנט פּאַרגיטיקן די שווערע מי פונעם גערטנער, קאָמפּענסירן די באַמיאונגען פונעם קינדער-פלעגער.

איז אָבער דער באָדן פון דער נאַטור זאַמדיק און מאָגער, פאַרמאָגט ער נישט קיין זאַפטיקע און געזונטע ירושה-עלעמענטן, וועט ער אויך בײַ אַ גוטער און אויסגערעכנטער באַאַרבעטונג — און אין ערגסטן פאַל בײַ אַ קינסטלעכער באַמיסטיקונג — פאַרגיטיקן די מי פונעם פלאַנצער און בענטשן די פרוכט פון זיין אומדערמידלעכער ארבעט.

היינט ווערן מיט גרויס דערפאָלג דערצויגן און געהיילט אפילו גייסטיק - אָפּגעשטאַנענע, דעגענערירטע און אידיאָטיזירטע קינדער. און זיי ווערן געהיילט נישט מיט קיין רפואות און אָפּשפּרעכונגען, נאָר מיט אַ פּאַסיקער דערציאונגס-סיסטעם און מיט נאַטירלעכע לעבנס-באַדינגונגען, וואָס ווערן פאַר זיי געשאַפן אין לופטיקע און זוניקע הייזער, וואו עס ווערט נאָרמאַל געשפּייזט זייער קערפּער און גייסט, און וואו אַ מענטשלעכע און ליבע באַהאַנדלונג ווישט אָפּ די איבלען און פינסטערע שפּורן, וועלכע עס האָט אַף זיי איבערגעלאָזט די ירושה.

ד״ר סעגען, דער דירעקטאָר פון אַ היים פאַר אידיאָטן, זאָגט, אַז אין זיין אַנשטאַלט איז פון „טויזנט נישט געווען קיין איינער. וואָס זאָל זיך נישט בעסערן, איבערדערציען און זיך אויסהיילן, אייניקע פון וועלכע האָבן אפילו דערגרייכט ביזן ניוואָ פון אַ נאָרמאַלן מענטשן״.

אַ גייסטיק-אָפּגעשטאַנען, אומנאָרמאַל אָדער איינזייטיק-אַנטוויקלט קינד איז אין סך-הכל אַ רעזולטאַט פון אַ שוואַכער אַנטוויקלונג פון מאַרך-און נערוון-סיסטעם, אָדער פון אַן איינזייטיקן וואוקס פון איין טייל מאַרך אפן חשבון פון אַלע אַנדערע טיילן. און דאָס קען זיין אַ קאָנסעקווענץ פון אַ שלעכטער ירושה, פון אַ מאַנגלהאַפטער באַשפּייזונג, אָדער פון אַ שלעכטער דערציאונג.

און פונקט ווי מען היילט שוואַכע לונגען מיט אַ געהעריקן לעבנס-רעזשים, אַזוי קען מען אויך בעסערן די נערוון-קעמערלעך און די געוועבן פון מאַרך מיט אַ פּאַסיקער דערציאונגס-סיסטעם,

וואָס זאָל באַרואיקן און קרעפטיקן דעם קערפער און דעם גייסט און אים העלפן באַקעמפן, אָדער לפּחות נייטראַליזירן, די שלעכטע יורשה־עלעמענטן אָדער די אומגינסטיקע איינפלוסן פון דער סביבה אין די ערשטע לעבנס־יאָרן.

אין דער פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור ווערט אָפט דערמאָנט דער ביישפּיל פון דער פאַמיליע יוקעס אין נאָרד־אַמעריקע. דאָס איז געווען אַ פאַמיליע פון אויסוואורפן, פאַרברעכער און דעגענעראַטן, וואָס האָבן אין אָנהייב פון פאַריקן יאָרהונדערט געלעבט אָפּגעזונדערט אין אַ פאַרשטעטל פון ניו־יאָרק. און זיינען געווען איזאָלירט נישט נאָר פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, נאָר אַפילו פון דער אונטערוועלט.

די פאַמיליע האָט זיך צעוואַקסן ווי ווילדגראָז און האָט אין אַ געוויסער צייט דערגרייכט ביז אַריבער די טויזנט מענטשן. און אַלע ווי איינער האָבן אָנגעהאַלטן די „גוטע טראַדיציע" פון דער פאַרשאָלטענער משפּחה און האָבן געזונקען אין טיפן תּהום פון זינד און פאַרברעכן.

די עלטערן האָבן איבערגעגעבן זייערע מעלות־טובות די קינדער, און פון די קינדער איז די פּעסט אַריבער צו די קינדס־קינדער, און פאַר זייטיקע באַאָבאַכטער האָט די פאַמיליע אויסגעזען ווי אַ פאַרשאָלטענע דורך אַ שרעקלעכן ירושה־פאַטום, וואָס גייט איבער פון איין דור צום אַנדערן.

אָבער אין איינעם שיינעם טאָג האָט די מאַכט אויסגעשניטן דעם קאָנסען און האָט די זינדיקע נעסט צעוואָרפן און פאַרניכטעט. די פאַמיליע וואָס האָט פריער זיך געהאַלטן צוזאַמען, איז זיך צעפאָרן אין אַלע זייטן און די, וואָס זיינען נישט אַוועק אין תּפיסה, האָבן זיך פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד.

די מיטגלידער פון דער פאַמיליע האָבן געביטן די לעבנס־באַדינגונגען. איניקע זיינען טאַקע געבליבן אין דער אונטערוועלט, אָבער די, וואָס זיינען אריינגעפאַלן אין אַ בעסערער סביבה, האָבן זיך אויך געבעסערט און זייערע קינדער זיינען געוואָרן נאָרמאַלע און נוצלעכע מענטשן, איניקע פון וועלכע האָבן אַפילו שפּעטער

דערגרייכט זייער אַן אַנגעזועענע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט.

די סביבה שפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע אין דער אויסביל־דונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס קומט אַף דער וועלט ווי אַ פאָרמלאָזע מאַסע, ווי אַן אומבאַאַרבעט פעלד, — ווי מיר האָבן געזאָגט, — דער לעבנס־גורל פון וועלכן איז אָפּהענגיק פון דער דערציאונג און פון דער סביבה, וועלכע באַשטימען, צי עס זאָלן אַף דעם פעלד וואַקסן ווילדע גראָזן, נוצלעכע ברויט־געוויקסן, אָדער גאָר צאַרטע און שמעקעדיקע בלומען, וואָס וועלן מיט זייער ריח דערקוויקן אַלע פאַרבייגייער און אַף לאַנג איבערלאָזן אין זיי דעם אנדענק פון זייער רייץ און בלומען־צויבער...

# דער מענטש איז
# אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה

פונקט ווי דאָס קינד באַקומט פון דער סביבה זיין שפּראַך, אַזוי נעמט ער אויך פון איר זיינע מאַנירן, זיטן, געוואוינהייטן און כאַראַקטער-שטריכן, וואָס שטעמפּלען זיין פּערזענלעכקייט ווי מיט אַ פאַבריק-מאַרקע „מייד אין" דער און דער סביבה.

דער „יתום פון אייראָפּע", ווי מען האָט אין מיטלאַלטער גערופן אַ פּרינץ, וועלכער איז פון קינדווייז אויף געזעסן פאַרשפּאַרט אין אַ תפיסה, האָט ביז די פופצן יאָר נישט געקענט ריידן, ווייל מען האָט אים נישט נאָר בארויבט פון זיין טראָן, נאָר אויך פון אַ מענטשלעכער סביבה, און כאָטש ער האָט געירשנט אַ נאָרמאַלן געהער און אָרגאַנען צום ריידן, האָט ער קיינמאָל נישט געהערט קיין מענטשלעך וואָרט און איז ארוים פון דער תפיסה ברומענדיק שטום ווי אַ חיה, און האָט די פעאיקייט פון אַ קלאָר-ארטיקולירטער שפּראַך שוין נישט דערוואָרבן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

אַ רייזנדיקער, וואָס האָט באַזוכט כינע, האָט אין שפּאַס געשריבן, אַז אראָפּגייענדיק פון שיף האָט ער זיך שטאַרק געוואונ-

דערט ווי אזוי אַפּילו די קליינע כינעזערלעך, וואָס זיינען נאָך פון דער ערד נישט אויפגעוואַקסן,ריידן שוין כינעזיש, בעת ער, אַ געבילדעטער מענטש, קען קיין כינעזיש וואָרט פון זיינע ליפּן ניט ארויסברענגען.

און פּונקט ווי די סביבה גיט איר שפּראַך דעם קינד, אַזוי באַשענקט זי אים אויך מיט אַלע אירע אַנדערע מעלות-טובות, אָדער באַלאַסטעט אים גאָר מיט אירע חסרונות, וואָס ווירקן אַף די ירוּשה-עלעמענטן, וועלכע קענען פון זייער זייט, אָפּשוואַכן אָדער באַגינסטיקן די שעדלעכע אָדער נוצלעכע איינפלוסן פון דער סביבה.

אין איינער פון זיינע דראַמען באַהאַנדלט שלום אַש אַזאַ פּראָבלעם. די טאָכטער פון יאַנקל שאַפּשאָוויטש האָט פּאַרמאָגט, מעגלעך, אייניקע אומגינסטיקע ירושה-עלעמענטן, וועלכע זיינען נאָך מער סטימולירט געוואָרן דורך דער אַרומיקער סביבה און עס האָט נישט געהאָלפן שאַפּשאָוויטשן די ספר-תורה, וואָס ער האָט געלאָזט שרייבן, די סביבה האָט געפאַנגען איר קרבן און זי אריינגעשלעפּט אין אָפּגרונט פון זינד און פאַרברעכן.

דאָס זעלבע איז מיט דער פאַמיליע רוגאָן מאַקאַר פון וויקטאָר הוגאָ, וועגן וועלכן מיר האָבן דערמאָנט אין ערשטן שמועס פון דער סעריע. וויקטאָר הוגאָ האָט פאַרלייגט אַן אומגעזונטן קערן אין דער נשמה פונעם גרינדער פון דער משפּחה און דער וואָרעם האָט געטאָטשעט די גאַנצע פאַמיליע, איז איבערגעגאַנגען פון איין דור צום אַנדערן — אָבער האָט פאַרורזאַכט שאָדן נאָר דאָרטן, וואו די סביבה האָט באַגינסטיקט זיין טעטיקייט און וואו נאָר אַף אַ פאַרפּעסטעטן באָדן האָבן געקענט אויסוואַקסן אַזעלכע צעפּוילטע געוויקסן ווי נאַנאַ און ענלעכע צו איר פּירות...

**די קונסט פון לעבן באַקומט נישט דאָס קינד בירושה נאָר דערלערנט עס אַף די לעבעדיקע ביישפּילן, וועלכע עס זעט פאַר זיינע אויגן. דעריבער דאַרף אַף דער דערציאונג און אַף דער סביבה, וואָס רינגלט אַרום דאָס קינד, געלייגט ווערן די הויפּט-אַכט פון די עלטערן.**

## נאָר אין אַן אַטמאָספער פון שלום-בית
## קענען דערצויגן ווערן פיזיש און
## גייסטיק-געזונטע מענטשן

„ווילסטו דעם דיכטער קענען, דאַרפסטו אין זיין לאַנד גיין"— אין דער ליטעראטור-וויסנשאַפט איז דער דאָזיקער אויסדרוק שוין געוואָרן אַ מין אַקסיאָמע, אַ געזעץ, וואָס ווייזט אַן אַף דער אָרגאַ-נישער פאַרבינדונג פון יעדער קינסטלערישער דערשיינונג מיט דער לעבנס-סביבה פון דעם קינסטלער, וואָס האָט דאָס ווערק געשאַפן.

די סביבה שפּיגלט אָפּ און קומט, אַף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, צום אויסדרוק אין יעדער האנדלונג און שאַפונג פון מענטשן, וואָס טראָגט אין זיין נשמה אַ לעבעדיקן שטעמפּל פון די שפּירונגען, אי-בערלעבונגען, פאַרשטעלונגען, בילדער, חלומות און אידעאַלן, וועלכע ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט אין זיין קינדהייט.

און אין דער סביבה, וואָס רינגלט אַרום און באַווירקט אָמ-שטאַרקסטן דאָס קינד, פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ נישט די שול, נאָר די היים, די משפּחה-אַמאָספערע, וועלכע קען נאָר דאַן זיין גינסטיק און פּרוכטבאַר אין דער דערציאונג, ווען אין איר הערשט דער גייסט פון אַ האַרמאָניש-צוזאַמענלעבן, פון שלום-בית, וואָס דערהויבט צו מסירת-נפשדיקער ליבע פון איינעם צום אַנדערן, און פון אַלע צוזאַמען פאַרן געמיינזאַמען וואוילשטאַנד פון דער גאַנ-צער פאַמיליע.

**דאָרט וואו ס'איז נישטאָ קיין גוט לעבן צווישן די עלטערן, קען** אויך נישט זיין קיין גוטע דערציאונג. יעדע קריגעריי און ברוגז צווישן פאָטער און מוטער, מוז אויך אומבאַמערקט זיך אָפּרופן אַף דער שטימונג פון די קינדער און אַף זייער באַציאונג צו די עלטערן.

קינדער נעמען אויף און לעבן טיף איבער יעדע פאַמיליען־דראַמע און ס׳איז אַ טעות צו מיינען, אַז די קינדער באַמערקן ניט און דערפילן ניט די אַלע רוגזן און קאָנפליקטן, וועלכע באַווירקן אָפט פיל שטאַרקער די צאַרטע קינדערשע נשמות ווי די האַרטערע און פאַרגרעבטערע געפילן פון די דערוואַקסענע.

יעדער פאַמיליען־קאָנפליקט צעשטערט דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט פון די קינדער און זייערע יונגע הערצער ווערן אויפגעשטורעמט און דורכגעשטאָכן דורך די טיפע און צו שטאַרקע פאַר זיי עמאָציעס פון מיטגעפיל, מורא, טרויער און פאַרביטערונג.

די ריינע און אויפריכטיקע געפילן פון ליבע און צוטרוי צו די עלטערן ווערן פאַרשטערט, אינסטינקטיוו הייבן אָן די קינדער זוכן דעם גערעכטן און אומגערעכטן צד אין דער פאַמיליען־דראַמע און צום סוף ענדיקן זיי מיט אַ פאַרביטערונג, גרינגשעצונג און אומצוטרוי צוביידן. און דאָס פאַרטעמפּט און פאַרגרעבט די קינדערשע געפילן, אָדער שאַפט באַ די מער פילבאַרע פון זיי אַ שטענדיקע נערוועזיטעט, אומרואיקייט, אומצופרידנקייט און דערשלאָגנקייט.

נאָר אין אַן אַטמאָספער פון שלום־בית קענען דערצויגן ווערן פיזיש און גייסטיק־געזונטע מענטשן, ווייל דאָרט וואו עס הערשט דער גייסט פון ליבע, פרידן און איינפאַרשטענדעניש איינער פאַרן אַנדערן, דאָרט אַנטשטייט אויך די נויטווענדיקייט צו זיין אמתדיק, אַלטרואיסטיש און אָפנהאַרציק, אָן זייטיקע פניות און עגאָאיסטישע כוונות אין דער באַציאונג פון די עלטערן צווישן זיך, ווי אויך אין דער באַציאונג צווישן די עלטערן און די קינדער.

דאָרט, וואו עס רוט דער גייסט פון שלום־בית, דאָרט קען הערשן פרידן און פרייד אָפילו באַ ערגערע עקאָנאָמישע לעבנסבאַדינגונגען. און אין אַן אַטמאָספער, וואו עס האַלט זיך געזונט, פריידיק און מוטיק דער מענטשלעכער גייסט, אַנטשטייען אויך העכערע מענטשלעכע געפילן און די אַרבעט, דאָס לערנען, ווי בכלל יעדע נוצלעכע טעטיקייט ווערט אַן אינערלעכע נויטווענדיקייט וואָס גיט די גליקלעכע מעגלעכקייט צו דינען זיך, דער פאַמיליע און דער גאַנצער געזעלשאַפט.




# קינדער צאָלן מער נישט פאַר
# די זינד פון זייערע עלטערן

פוקד אב על בנים, על שלושים ועל רבעים, קינדער ביזן דריטן און פערטן דור באַצאָלן פאַר די זינד פון זייערע עלטערן און אור-עלטערן.

אין די דאָזיקע ווערטער איז פאַרקערפּערט א ביאָלאָגישער אמת, און אָפט טרעפט, אַז פאַר די „זינד" פון זייערע עלטערן באַצאָלן די אייניקלעך און אור-אייניקלעך ביז אין די ווייטסטע דורות. ס'איז אַ נאַטור-געזעץ, וואָס ווירקט נישט נאָר אין מענטשלעבן לעבן, נאָר אויך אין קעניגרייך פון חיות און פלאַנצן, וואו די אייגנשאַפטן פון די עלטערן קענען איבערגיין בירושה צו זייערע נאָכקומענדיקע דורות.

וואָס נידעריקער דער מענטש איז געשטאַנען אפן קולטור-לייטער, אַלץ גרעסער איז געווען זיין אָפּהענגיקייט פון די סטיכישע נאַטור-קרעפטן און אַלץ שטאַרקער זיין גלויבן אין דער אומבאַגרענעצטער און אומברחמנותדיקער קראַפט פון דער נאַטור, קעגן וועלכער ער האָט זיך געפילט אַזוי נישטיק, קליין, שוואַך און אומבאַהאָלפן.

דעם פאַקטאָר „ירושה" האָט מען דעריבער אַמאָל צוגעשריבן

אַן ערשטראַנגיקע און אומבאַזינגבאַרע קראַפט, וואָס חתמעט דעם מענטשלעכן גורל מיט אַן אייביקן צייכן, וועלכן דער מענטש איז נישט אומשטאַנד אָפּצומעקן. די „ירושה" איז ביז נישט לאַנג געווען אַ שעיר-לעזאזל, אַ כפרה-הינדל אויף וועלכן מען האָט גע־וואָרפן די שולד פון אַלע צרות, וואָס האָבן געשטראָפט אַ סך מענטשן-קעפּ. די פּאַרצייטיקע געזעלשאַפט און די שול האָ־בן מיט אַ לייכט האַרץ פון זיך אַראָפּגענומען די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט און האָבן אַ סך פון זייערע פעלערן, שוואַכקייטן און חטאים אויפן געביט פון דער דערציאונג אַרויפגעלייגט אויפן חשבון פון דער „ירושה".

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור איז אויך זעלבסטשטענדיקער און זיכערער געוואָרן דער מענטשלע־כער געדאַנק. דער מענטש האָט מער אָנגעהויבן שטעלן אויף זיינע אייגענע כוחות און איז אויף און דרייסט אַרויסגעטראָטן אין קאַמף קעגן דער נאַטור, פון וועלכער ער האָט שוין אַראָפּגעריסן אַ סך שלייערן פון ניסים און מיסטעריעס. און ווען די נאַטור האָט באַוואָלהט אַ קינד מיט שעדלעכע ירושה-עלעמענטן, טרעט דער מענטש קעגן איר אַרויס באַוואָפנט מיט די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון זיין דערציאונג און בילדונג.

די נאַטור שטראָפט די קינדער פאַר פרעמדע זינד, אָבער די סביבה און די דערציאונג קענען זיי פון דער שטראָף אויסקויפן. דער מענטש דאַרף זיך מער נישט באַטראַכטן ווי אַ שפּילצייג אין די הענט פון בלינדן גורל. דער מענטשלעכער ווילן און וויסן האָט וועגן דעם אויך עפּעס וואָס צו זאָגן. הייַנט דאַרפן מער די קינדער נישט צאָלן פאַר די זינד פון זייערע עלטערן און דאָרט, וואו די סביבה איז אַ גינסטיקע און וואו די דערציאונג איז אַ גוטע, האָט שוין — אין אַ גרויסער מאָס — מער קיין שליטה נישט די שלעכטע ירושה.

**דאָס איז די העכסטע מאָראַלישע דערגרייכונג פון דער מאָ־דערנער וויסנשאַפט און דער גרעסטער פאַרדינסט פון דער נייער פּעדאַגאָגיק.**

זיבעטער טייל:

## וואָס טוט מען מיט די דערוואקסענע קינדער

# אַ תּכלית פאַר קינדער

קינדער אין שול-עלטער דאַרפן גיין אין שול, אַזוי פאָדערט דאָס געזעץ. און פאַר אידישע עלטערן איז אַפילו נישט נויטיק אין דעם זין דער דרוק פון געזעץ. חינוך, קינדער-דערציאונג, איז בּאַ אונז אַ פאָלקס-טראַדיציע, וואָס שטאַמט פון טויזנטער יאָרן און אַפילו די אָרעמסטע אידישע עלטערן בּאַמיען זיך זייערע מינדער-יעריקע קינדער נישט אָפּצערייסן פון דער עלעמענטאַרער שול.

אָבער וואָס טוט מען מיט די דערוואַקסענע קינדער? — דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס עגבערט די מוחות פון אַ סך עלטערן, וועל-כע זוכן פאַרצווייפלט אַ תּכלית פאַר די קינדער, ווען זיי וועלן דאַרפן אַראָפּגיין פונעם טאַטנס קעסט.

פאַר אונזערע פאַרמעגלעכערע שיכטן איז דאָס אפשר קיין פּראָבלעם נישט. דאָרט ענדיקט זיך געוויינטלעך דאָס לערנען מיט אַ העכערער בילדונג, און צי די קינדער ווילן יאָ צי נישט, שטופּט מען זיי פון איין בילדונגס-אַנשטאַלט אין אַנדערן און פון איין קלאַס אין צווייטן, ביז דער דאָזיקער לערן-פּראָצעס פאַרענ-דיקט זיך מיט אַ מעשׂן-בלעכל פון אַ דאָקטער אָדער מיט אַן אַנדערן וואָסערן ניט איז טיטל, וואָס גיט דעם יונגן מענטשן אַ געוויסע פּראַקטישע צוגרייטונג צום לעבן און אַ באַשטימטע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט.

אָבער לעצטנס איז דער צוטריט צו די העכערע בילדונגס-אַנ-שטאַלטן איבערהויפּט שטאַרק באַשווערט געוואָרן. עס איז אויך זייער גרויס די צאָל פון די אזויגערופענע אינטעליגענטע פּראָלע-טאַריער און פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס האָבן נישט וואו אַנצואווענדן זייערע פעאיקייטן און קענטענישן, און נאָך די לאַנגיאָריקע באַמי-אונגען צו מאַכן אַ „קאַריערע״ — אויב דער ציל פון זייער לערנען איז נישט מער ווי די קאַריערע — בלייבן זיי דאָך אָן פּרנסה.

אָבער נישט אלע קענען לערנען זייערע קינדער ביז „אין גרויען צאָפּ אריין", און דאָס פּראָבלעם פון „תכלית" פארשטערט שוין דעם שלאָף פון א סך עלטערן גלייך ווי זייערע קינדער פאר־ענדיקן נאָר די עלעמענטאַרע שול.

און אין דעם פאַל קענען קיין צוויי מיינונגען נישט זיין. אויב מען קען נישט אַריבער מוז מען ארונטער, און אז מען קען דעם זון נישט מאכן פאר א „דאָקטאָר" דארף מען אים ווידמען א וואָסע־רער נישט איז פּראָדוקטיווער און נוצלעכער באַשעפטיקונג, וואָס זאָל אים שפּעטער קענען זיכערן א פרייע און אומאָפּהענגיקע מאַ־טעריעלע עקזיסטענץ.

ס'איז נישט קיין פארברעכן ווען עלטערן קענען ניט, בא די היינטיקע לעבנס־באַדינגונגען, צו געבן זייערע קינדער א העכערע בילדונג. עס קען אָבער יאָ זיין א פאַרברעכן ווען עלטערן גיבן ניט זייערע קינדער א וואָסערע ניט איז פּראָפעסיאָנעלע לעבנס־דערפאַ־רונג, וואָס זאָל זיי פאַרלייכטערן דעם קאַמף פאר זייער שפּעטער־דיקער זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ.

די חשיבות פון אַרבעט דארף מען שוין היינט נישט דערוייזן. אַמאָל איז אַ בעל־מלאכה געווען אַ חרפה אין דער משפחה, היינט קוקט מען שוין גאַנץ אַנדערש אף די זאַכן און אַן אמתע דערציאונג איז די, וואָס גיט דעם קינד אַ גענוגנדיקן סכום פּראַקטישע ידיעות, מיט וועלכע ער זאָל זיך קענען איינגלידערן אין אַ וואָסערן נישט־איז ווירטשאַפטס־צווייג און ווערן א שעפערישער, זעלבסטשטענ־דיקער און נייטיקער מיטגליד אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

וואָס פאַרא פאַך צו לערנען אָדער וואָסערער פּראָפעסיע זיך ווידמען קענען מיר נישט אָנווייזן. דאָס מאָדערנע ווירטשאַפט־לעכע לעבן איז פילזייטיק און שטאַרק קאָמפּליצירט, און דאָס וואָס איז מעגלעך און פּאַסיק פאר איינעם קען זיין אומדערגרייכבאַר און אומפּאַסיק פאר א צווייטן. וואָס אונז אינטערעסירט בלויז אין דעם פאַל איז די פּסיכאָלאָגישע זייט פון דער פראַגע, וואָס רעכנט זיך באַם אויסוואַל פון דער פּראָפעסיע מיטן כאַראַקטער, מיט די פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן און מיט די נייגונגען פון יעדן קינד באַזונדער.

# באַם אויסקלײַבן אַ פאַך פאַרן קינד
# דאַרף מען זיך רעכענען
# מיט זיין ווילן און פעאיקייטן

ביים אויסוואל פון אַ פראַפעסיע דאַרף מען זיך שטאַרק רע־כענען מיטן כאַראַקטער און מיטן טעמפּעראַמענט פון קינד, מיט זיין פסיכישער און פיזישער פאַסיקייט צו דעם פאַך, וועלכן מען האָט פאַר אים אויסגעוויילט.

ווען מען קויפט פאַרן קינד א פאַר שיך רעכנט מען זיך אָפט מיט זיין אויסוואַל. באַם טיש האָט דאָס קינד רעכט צו עסן נאָר די מאַכלים, וועלכע שמעקן אים, אָבער ווען עס קומט צום אויס־קלייבן אַ פאַך פאַרן קינד, מיט וועלכן עס וועט דאַרפן פאַרבינדן זיין גאַנצע צוקונפטיקע עקזיסטענץ, רעכנט מען זיך זייער זעלטן מיט זיין געשמאַק און נייגונג.

באַ אייניקע קינדער מערקט מען אַ געוויסע פרעדיספּאָזיציע און ליבע צו אייניקע ארבעטן. עס זיינען דאָ מיידעלעך, וואָס ווי־לן נאָר זיין לערערקעס און אַלע שפּילערייען זייערע פאַרוואַנדלען

זיי אין אַ קלאַס מיט שילער; אַנדערע ווייזן אַרויס אַ געשמאַק פאַר קליידער, און די באַליבטסטע באַשעפטיקונג בײַ זיי איז צו נייען, שניידן און לאַטען.

אייניקע אינגעלעך ווייזן אַרויס אַ באַזונדער פאַרשטענדעניש און ליבע צום בויען, מייסטרעווען און שניצן. דאָס וואַקסן גלענצנדיקע בעלי־מלאכות און קינסטלער, וואָס וועלן זיך פילן גליקלעך ווען זיי וועלן האָבן אַ געלעגנהייט אַנצואווענדן אין דער אַרבעט זייערע פעאיקייטן און נייגונגען.

אַנדערע ווידער זיינען אומרואיקע נאַטור, קענען נישט איינזיצן אַף איין אָרט, זיינען דורכוים פול, ווערן שנעל מיט אַלעמען גוט־ברודער און דאַרפן שטענדיק אַרום זיך האָבן טומל און קינדער. פאַר אַזעלכע וועט אַ זיציקע אַרבעט זיין אַן אמתע פּיין. זייערע דינאַמישע נאַטורן פאָדערן באַוועגונג און זיי וועלן זיך קענען אויסלעבן נאָר בײַ אַזעלכע אַרבעטן, וואָס וועט זיי ברענגען אין אַ גרעסערן קאָנטאַקט מיט מענטשן.

עס זיינען דאָ איינזאַמע נאַטורן. קינדער, וואָס האַלטן זיך פונדערווייטנס, וואָס פאַרוקן זיך אין אַ ווינקל, וואָס שעמען זיך פאַר מענטשן און וואָס חברן זיך זייער שווער צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער. אַזעלכע קענען זיין גלענצנדיקע פאַכלייט, אָבער נאָר בײַ אַזעלכע אַרבעטן, וואו זיי וועלן קומען אין אַ קליינער באַרירונג מיט מענטשן.

קלאָר, אַז מען טאָר אינגאַנצן ניט שטעלן אַפן קינדס אויסוואַל און געשמאַק אין אַזאַ וויכטיקער פראַגע. אַ באַקאַנטער היגער מעדיקער און שריפטשטעלער האָט איינמאָל געפרעגט זיין פינפיעריקן בחורל צי ער וויל אויך זיין אַ דאָקטער, ווי דער פּאַפּאַ? אַף דעם האָט אים זיין זון אַנטשלאָסן געענטפערט: ניין, פּאַפּאַ, איך וויל זיין אַ „באַסורעראַ" (מיסטפירער). פאַר וואָס עפּעס אַ „באַסורעראַ"? — האָט דער פאָטער איבעראַשט געפרעגט. — ווייל אַ „באַסורעראַ", האָט געענטפערט דאָס בחורל, פאָרט אַרום איבער אַלע גאַסן...

דער אידעאַל פון „אַרומפאָרן איבער אַלע גאַסן" זאָגט שוין

יאָ אפילו עפּעס אין דעם פאַל, אָבער פון דעם איז נישט געדרונגען אַז דער פאָטער דאַרף טאַקע ווידמען זיין זון דער פּרנסה פון מיסט־קלייבעריי. נישט ווייניקער קענען בלאָנדזשען אין דעם ענין אויך פיל עלטערע קינדער. ביים היגן „פּרויד־אינסטיטוט” איז איינגעאָרדנט אַ ביוראָ פון פּראָפעסיאָנעלער אָריענטאַציע, און די עלטערן און לערער, וואָס האָבן נישט קיין מעגלעכקייט אָנצוקומען צום אינסטיטוט דאַרפן זיך באַמיען אַליין צו אָריענטירן און אויסקלייבן פאַרן קינד אַזאַ פאַך, וואָס זאָל אים מער־ווייניקער זיין צום האַרצן, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן זיינע נאַטירלעכע נייגונגען און נישט זיין אין ווידערשפּרוך מיט זיין פיזישער און פּסיכישער נאַטור.

# אינהאלט פון בוך



ערשטער טייל:

## דאָס קינד אין שטוב



צווייטער טייל:

## דאָס קינד אין שול

דריטער טייל:

## דאָס קינד אין גאס



פערטער טייל:

## כאראקטער

פינפטער טייל:

## ג ע ל ע כ ט ע ר



זעקסטער טייל:

## ירושה און סביבה



זיבעטער טייל:

## וואָס טוט מען מיט די דערוואקסענע קינדער